צום אָנדענק פון מיין
טייערער משפּחה אין
ווילנע און צו די זעקס
מיליאָן קדושים וואָס
זיינען פאַרטיליקט גע־
וואָרן פון די נאַצישע
קאַניבאַלן ימח שמם.

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

מיט צופרידנקייט שרייב איך די פאָלגנדיקע שורות ווי א קליינעם פאָרוואָרט צו דער פאָרליגנדיקער זאמלונג לידער פון פעסיל שער-קאָסאָוו, וועמענס פערזן זיינען אָפט דערשינען אין „טאָג", ווי אין אַנדערע פובליקאציעס, און זיינען באַקאנט דעם אידישן לייענער.

א וועטעראַן-טוערין אין אונזער ציוניסטישער אַרבעטער-באַוועגונג, שפיגלט זיך אָפּ אין אירע שורות איר גליענדיקער אידישער פאַטריאָטיזם און איר דראַנג צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פון אידישן פאָלק אין אייגן לאַנד.

מיר האָבן דאָ פאַר זיך זכרונות פון אירע קינדער-יאָרן אין דער אַלטער היים און איר וואַרעם געפיל צו איר געליבטער היים-שטאָט ווילנע; פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט צו אידן מצד די מעכטיקע וועלט-רעגירער, וואָס שפייזן אונזער פיל-ליידנדיקן פאָלק מיט שיינע „צוזאָגן" וואָס ווערן בטל אין אָנ-געזיכט פון „דאָס ביסעלע אויל" (ווי זי דריקט זיך אויס אין א קורץ, גאַליק-סאַרקאַסטיש לידל). דאָס — און אַן איבערפלוס פון אַלערליי שטאָלצע אידישע שטימונגען און רעגונגען גע-פינען אויסדרוק אין אירע לידער.

חברה פעסיל שער-קאָסאָוו האָט געהאַט די זכיה און אויך די פרייד פון מערערע פערזענלעכע באַזוכן אין ארץ-ישראל. פריער אונטערן ענגלישן מאַנדאַטן-רעזשים און, לעצטנס, אין דער אייגענער פרייער אידישער רעפּובליק — מדינת ישראל.

און די אַלע — אויך דער שרייבער פון די שורות — וואָס קענען איר פערזענלעך, וועלן אָפּשאַצן איר איבערגעבנקייט צו

אונזערע אידעאַלן, איר באַשלוס אָפּצוגעבן די גאַנצע הכנסה פון דעם איצטיקן בוך פאַר די אינסטיטוציעס אינם אויפבוי פון מדינת-ישראל.

זאָל-זשע דער פאַרליגנדיקער בוך לידער פון חברה פעסיל שער-קאַסאָוו געפינען אַ וואַרעמען אויפנעם ביי אונזערע חברות און חברים.

**משה פרייליכאָוו**

# ברענג אונז צוריק

צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „מאַי באָני איז
אָווער די אָושן, מאַי באָני איז אָווער די סיי".

(דער כאָר דאַרף זינגען נאָך יעדן פערז)

אָ גאָטעניו ליבער, געטרייער,
שטרעק אונז דאָ איצט אויס דיין האַנט;
ראַטעווע אונז פון דעם פייער
וואָס ווערט רק אַלץ גרעסער צעפלאַמט.

כאָר . . .

אָ, העלף אונז, אָ, העלף
פון גרויסן ווייטיק און שאַנד — אָ, שאַנד,
ברענג אונז צוריק, אָ, ברענג אונז צוריק,
אין אונזער אייגענעם לאַנד.

איבער שיפן און ימ׳ען געפאָרן,
אָנגעשפּאַרט יעדן וועלט־ברעג;
פאַרשווענדעט די בעסטע יאָרן,
פאַר זיך ניט געפונען קיין וועג.

כאָר . . .

איבעראַל נאָר געבויט און געשאַפן,
געמאַכט האָבן מיר רייך די וועלט;
פאַרבליבן זיינען מיר נאָר ווי שקלאַפן,
ניט קיין היים, אָן אַ דאַך און אָן געלט.

כאָר . . .

אונטערוואָרפן צו יעדן פאַררייקטן,
אומוויסנדן לומפּ־אידיאָט;
זיי טראַמפלען אויף אַ פאָלק אַ דערדריקטן,
ניטאָ קיין געזעץ, קיין געבאָט

כאָר . . .

אונזער פאָלק האָט געוואָלט זיך אויסמישן,
באַהאַלטן דעם שטאָלץ אַלס אַ איד;
געשאַרט זיך אַרום פרעמדע טישן,
און געזונגען אַ פרעמדע ליד . . .

כאָר . . .

מ׳שלאָגט אונזערע טייערע חלוצים,
ס׳איז דער שטאָלץ פון אונזער נאַציאָן;
פאַרטיידיקן אַלע קיבוצים —
הייליק איז ביי זיי אונזער פאָן.

כאָר . . .

**מיין פאָלק און לאַנד**

די וועלט, די גרויסע, די פרייע
איז טויב איצט צו אונזער געשריי;
נאָר גאָט, און דאָס פאָלק פון יהודה
וועלן אונז היילן דעם שרעקלעכן ווי.

כאָר . . .

מיאַמי ביטש, מאַרטש 26, 1939

# געקראָגן אונזער לאַנד צוריק

איך באַגריס דיר, מיין ליבסטע,
האָפענונג פון מיין טרוים;
געוואַרט מיין גאַנץ לעבן
און זיך דערוואַרט קוים.

נאָך ווילד בורען ווינטן,
זיי שטערן מיין גליק;
לאַנד פון מיינע אבות —
כ׳וויל דיך צוריק!

מיין לעבן אָן דיר
האָט קיין זין, קיין ווערט;
צוויי טויזנט יאָר ליידן
געווען מיר באַשערט . . .

די זון היינט פון פרייהייט
זי שיינט פאַר מיר אויף —
געלעבט כ׳האָב אָן דיר
ווי אַ נשמה אָן אַ גוף . . .

# אויף אַ באַזוך אין ישראל

עס האָט אין געהיים מיך
גערופן אַ קול:
„מוזט זען ארץ ישראל
צום צווייטן מאָל!"

געווען ס'איז אין יוני,
אין אַ הייליקער נאַכט
האָט „אָדלער אל על"
אונז אַהינצו געבראַכט.

אַ שטראָם האָט פון גליק
אין האַרצן געפלאָסן;
און טרערן פון פרייד,
פון אויג זיך געגאָסן.

צי איז עס אַ חלום,
צי ס'איז אויפן וואָר?
דער זעלטענער זכות
פונם איצטיקן דור!

מען האָט אונז באַגעגנט
מיט האַרציקער ליבע,

געפירט אונז אין ערטער,
סײַ העלע, סײַ טריבע . . .

מיט אויגן, אָן ווערטער
כמעט ווי זיי זאָגן :
„אַ הייליקע פליכט איצט
מוזט איר אויף זיך טראָגן,

„איר טאָרט אונזער פרייהייט
ניט שטעלן אין קאָן !
נאָכדעם וואָס די וועלט
צו אונז האָט געטאָן !"

— — — — — — — — — — — — — —

איז לאָמיר זיך פלייסן
צו שאַפן צוזאַמען
אַ לעבן, אַ גליקלעכס
פאַר דער אַלט־יונגער מאַמען ! . . .

# ווי אין חלום

נישט פון תנ״ך, נישט פון גמרא
האָב איך ליב דאָס לאַנד;
ס׳איז געווען מיט אונז אַ גרויסע צרה —
אין דער פרעמד: פון בלוט און שאַנד! . . .

כ׳פלעג הערן מיין טאַטן זאָגן:
ירושלים, כ׳האָב דיך ליב!
פון זיינע אויגן פלעגן טרערן גיסן —
טריב נאָך טריב, טריב נאָך טריב . . .

פלעגט די מאַמע מיט זיפצן זאָגן:
גאָטעניו, באַווייז דיין נס!
גיב שוין אונז די גאולה —
פון די שונאים מאַך אַ מת! . . .

געדענקט איר די ווילדע שקצים
מיט זייערע ווילדע, גרויסע הינט,
פלעגן אונז קינדער באַפאַלן
ווי אַ שטורעם, וויכער־ווינט?

האָט גאָט אונזער געבעט דערהערט,
צוריק געגעבן אונז דאָס לאַנד;
טאָר קיין איד ניט פאַרגעסן די ווערט,
מוז העלפן בויען — ניט ברענגען צו קיין שאַנד . . .

# חיים גרינבערג

אַ שטערן איז געפאַלן (אָבער ניט פאַרפאַלן!),
געלאָזט נאָך זיך ליכט און שטראַלן;
ניט אַלע שטערן שיינען, לייכטן —
לויפן אָפּ ווי וואַסער־טייכן . . .

עס שיינען בלויז אייניקע „זיילן",
מ'קען זיי נאָר אויף פינגער ציילן . . .
אַ ליכטיקער שטערן אַצינד פאַרלאָרן,
ניט פיל אין יאָרן זיי ווערן געבאָרן!

שלאָף־זשע רויִק, גרויסער קעמפער
אויף אידעאַלן דיינע וועט קומען אַן ענטפער;
ווען די וועלט וועט דיר פאַרשטיין —
וועט פאַר דער מענטשהייט זיין ליכטיק־שיין!

# חנה טשיזשיק

שוואַרצע אויגן, אַ שוואַרצער צאָפּ
אַרומגעוויקלט אויף איר לייבן־קאָפּ;
אַ גרויס געזיכט, סקולפּטאָריש פאָרמירט,
אַ ליבער שמייכל, ווי פון אַ קינד באַצירט . . .

אַ שטימע ווייך ווי סאַמעט גלאַט,
אַ האַרץ מיט ווייטיק, פון צרות זאַט;
באַקן רויטע, ווייסע ציין —
לאַכט זי האַרציק, פול מיט חן.

אָבער באַפעלעריש זאָגט זי מיר:
„אַ קלוב פון חלוצות באַפעל איך דיר״ . . .
נישקשה, די שטערונגען וועלן פאַרגיין,
קעמפן וועסטו ניט אַליין!

אירע רייד האָבן מיר מוט געגעבן
(יאָרן־לאַנג כ׳טו צו פרייהייט שטרעבן)
און שפּעטער אין איר משק געקומען:
ווי אַ ליבע מאַמע מיך איבערגענומען
מיט שטראַלנדע בליקן און בלומען.

— — — — — — — — — — — —

צוריק צו אונז — וועט זי שוין מער ניט קומען . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# חבר מיינער

(צו מיין יוגנט־פריינט דניאל טשאַרני)

חבר מיינער, פון איין שטרעבן
נאָך פון ווילנע, אין „עס־עס" —
זאָל דיר גאָט כוחות געבן,
און דיר ווייזן איצט זיין נס!

כ'זע דיך אויף דיין קראַנקן־בעט
מיט רעיונות — „ס'לעבן בליט!"
פיל האָסטו פון דעם גערעדט,
קיינמאָל ניט געוואָרן מיד . . .

אין דיין גוף ביסטו איצט שוואַך,
נאָר אין גייסט ביסטו אַ ריז;
דורכגעלעבט האָסטו אַ סך
ביי יעדן טראָט פון דיינע פיס.

האָסט די ווייטיקן גענומען
מיט אַ שמייכל, אָן פאַרדראָס;
און געשאַפן ווערטער־בלומען
מיט הומאָר אין פולער מאָס . . .

ווינטש איך, לאַנג נאָך זאָלסטו לעבן
מיט געזונט זאָלסט, ווי ביז היינט
אָנגיין מיט דיין הויכן שטרעבן,
ווי אַ גוטער מענטשן־פריינט!

# שפּינסט דיינע שורות

(צו מיין יוגנט־פריינט דניאל טשאַרני)

שפּינסט דיינע שורות
ווי גאָלדענע שטראַלן;
ס'הויבט זיך דאָס האַרץ
אַרויף און אַראָפּ.

שעפּסט פונם לעבנס
אייביקע קוואַלן:
אין ציטער די נערוון —
נאָר רואיק דער קאָפּ.

איך לייען דיין בוך,
אָ, חבר, דו מיינער,
מיט טרערן און טרויער
אין האַרץ מיינעם טיף.

די פּיין פון דיין פאָלק
אין דיין לעבנס־דויער
פאַרוועבסטו מיט האָפנונג
און נייעם באַגריף.

טאָ גיי דיין וועג ווייטער
אין קאַמף קעגן שונא,
וואָס האָט געוואָלט דיך,
ווי דיין פֿאָלק אויך צעשטערן.

זאָלסט צענדליקער יאָרן
נאָך לעבן און שאַפֿן
און זאָל אונזער וועלט
אַ ליכטיקע ווערן.

# דער מינסקער בדחן

(געווידמעט שלמה שמולעוויץ)

כ׳געדענק אַ מאַן, ווען כ׳בין נאָך קליין געוועזן
זיינע קופּלעטן און גראַמען, וואָס ער פלעגט פאָרלעזן.

פאַרקעמט דאָס שוואַרצע בערדל
אויף „ניקאָלאַי׳ס מאָדע״, פאַרדאָן,
פלעגט ער מאַכן וויינען און לאַכן
אויף זיין אייגענעם פאַסאָן . . .
(מיר דאָ וואָלטן עס רופן: אַ היבש ביסל פאָן...)

צו די חתונות פלעגט מען לויפן,
קיין צייט ניט פאַרלירן:
„דער מינסקער בדחן וועט דאָרט זיין
און ווי ער קען דאָס אַמוזירן!״

היינט לייען איך אין „קרומען״
זיינע פּאָעמען און לידער —
הומאָריסטיש, לאַכענד:
ס׳צעגייט אין אַלע גלידער! . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# צו אונזער פרעזידענט

אָ, גרויסער פרעזידענט,
אויף דזשעפערסאָנ׳ס אָרט,
צו דיר וויל איך זאָגן
אַ אידיש וואָרט ;

אַ אידיש וואָרט
פון אַ אידיש האַרץ,
וואָס איז צעבלוטיקט
פון צרות און שמאַרץ.

ווען דו וועסט אַמאָל זיצן
ביים טיש, דעם רונדן,
וואו מען וועט זוכן פאַרהיילן
דער מענשטהייט׳ס וואונדן —

זאָלסטו זען, מען זאָל זיין
גערעכט אויך צום אידן,
וואָס צאָלט אַזוי טייער
פאַרן קומענדן פרידן ! . . .

זאָלסט דאַן זיך ניט לאָזן
פון שטערער פאַרפירן ;

פון די שאַפער פון שוואַרצע
„ווייסע פאַפירן״ . . .

קיין האַפט קען ניט האָבן
אַ וועלטלעכער שלום,
ביז ס׳ווערט ניט פאַרווירקלעכט
דער אידישער חלום . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# צו אַ חבר און פריינט

ווי פון אַ פאָטער און פריינט
האָט דיין האַרציקייט געשיינט —
עוזיאל !

ווי אַ יתום איך פיל,
איך וויין אין דער שטיל —
עוזיאל !

איך שרייב איצט נישט מער,
עס שטיקט מיך אַ טרער —
עוזיאל !

# אַ שנה טובה

אַ שנה טובה אייך, קעמפנדע בנים,
מיט שנעלן זיג צום נייעם יאָר!
באַפרייט די וועלט, צעשטערט די שונאים,
פאַר אַ גליקלעך, נייעם דור.

אַ דור פון יושר און פון פרידן,
וואָס זאָל זיך דערהויבן פון נידער,
מיט ליבע, מיט אַכטונג צו אידן,
ווי צו אייגענע האַרציקע ברידער.

אויך אונזער רוזוועלט, טשוירטשיל, סטאַלין,
געבענטשט זאָלט איר זיין פון גאָט;
פאַר אייער גליק מיר בעטן אַלע —
פאַר אייער זיג, מיט גאָט'ס גענאָד.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אונזער געבעט

דאָס יאָר גייט אַוועק
מיטן טרויער, דעם אַלטן;
צי האָט דאָס יאָר, דאָס נייע,
פאַר אונז פרייד באַהאַלטן?

גייען אידן אין שול,
פאַסטן, וויינען און בעטן:
„גאָט, זאָלסט שוין אַצינד
פון די שונאים אונז רעטן!

„דו זאָלסט שוין אין הימל
אונזערע תפילות דערהערן;
שיק אונז שוין אַ גוט יאָר
אָן בלוט און אָן טרערן.

„אין האַרץ פון וועלט־פירער
זאָלסטו יושר דערוועקן,
צו געבן אונז פרייהייט,
אָנשטאָט הויבן אַ שטעקן!"...

# פאַר ימים נוראים

קלייבט דער איד זיך ווידער
פאַר ימים נוראים אין שול ;
מיט אַ געפיל פון דערנידער ;
האַרץ קלעמט, קאָפּ איז דול.

קוקן אויגן זיך אויס,
טרויעריק, פאַרשטאַרט ;
זיין ווייטיק איז זייער גרויס —
מ׳האָט אים אָפּגענאַרט . . .

אַזאַ ווייטיק און שאַנד !
צי האָט ער דאָס פאַרדינט ?
ער קען ניט קריגן זיין לאַנד —
פאַרוואָס ? פאַר וואָסערע זינד ?

זיין חלק צוגעטראָגן
האָט ער דאָך מער און מער,
טאָ פאַרוואָס קומט אים פּלאָגן
און אים האַלטן ווי אַ גר ? . . .

שונאים ! ס׳וועט אייך ניט לוינען !
איר שפּילט זיך נאָר מיט פייער ;
דאָס לעבן שאַנעוועט קיינעם —
איר וועט באַצאָלן טייער ! . . .

# חנוכה־לאַטקעס

עס האָט אַמאָל מיך מיטגענומען
מיין טאַטע גוט יום־טוב ביטען,
אויף חנוכה־לאַטקעס צו מיין מומען —
געגליטשט זיך אַהין מיטן שליטן.

די מומע האָט אויסגעטיילט חנוכה־געלט,
געבעטן אונז זעצן צום טיש ;
זי האָט פאַר אונז אַלעמען אויסגעשטעלט
אי לאַטקעס, אי גריוון און פיש.

און זאַטע מיר הויבן אָן שפּילן אין דריידלעך ;
די אינגלעך — זיי קערן אַ וועלט !
געלאַסענער אָבער שפּילן מיר מיידלעך —
מיר שטעלן ניט איין אונזער געלט . . .

און לוסטיק מיר האָבן אַזוי פאַרבראַכט
ביז צייט איז צו פאָרן אַהיים ;
„גוט חנוכה, מומע, אַ גוטע נאַכט !
ווי ווייט דער וועג, און איך אַזוי קליין ! . . .״

# צווייערליי ליכטלעך

די ליכטלעך וואָס הענגען פון פראָסטיקן דאַך
זיינען נאָר קעלט און וואַסער אַ סך:
און זאָל נאָר די זון געבן אַ שיין —
וועט פון די אייז׳יקלעך גאָר שוין ניט זיין.

אָבער די קליינטשיקע חנוכה־ליכט
האָבן באַטייט אין וועלט׳ס אָנגעזיכט!
דערציילן אייך עפּעס אין אייגענער שפּראַך,
וואָס רעדט פון היסטאָריע — אַ גרויסע זאַך!

שמינקען די חנוכה־ליכטעלעך קליין,
דערציילן פון העלדן מיט אידישן חן!
וואָס האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט מיט מוט,
און ס׳האָט זיך געגאָסן זייער העלדיש בלוט.

— — — — — — — — — — — — — — —

ס׳גיסט זיך נאָך היינט בלוט און טרערן אַ סך;
רעספּעקט! איר, אייזיק׳לעך, פאַר אידישער זאַך!
געננוג מיט פראָסט און קעלט אונז שרעקן!
ס׳וועלן זיך וואַרעמע זונען דערוועקן . . .
און ווען פון אייך וועט גאָרניט ווערן —
וועלן ליכט און פרייהייט דער וועלט געהערן! . . .

# שלח־מנות

שלח־מנות — קינדערלעך,
מוזן מיר איצט שיקן;
אונזערע ליבע, טייערע —
צו מוטיקן, דערקוויקן.

מ׳דאַרף מיט „צוקער־לעקעכלעך״
און מיט „אַפּעלסינען״,
מונטערן דעם אידנ׳ס האַרץ,
און דעם קאַמף געווינען.

די נייע המנ׳ס צו באַזיגן —
איז דאָך אונזער תפילה;
היינטיקן פּורים שרייבן מיר
אַ נייע קאַמף־מגילה . . .

אויף אָט דעם פּורים לאַנג געוואַרט
האָבן מיר דאָך אַלע —
שיקט־זשע אידן, וואָס מ׳דאַרף —
„טאָרטעלעך״ און „חלה״ . . .

אונזער לוין וועט, האָפן מיר,
זיין: זיכערקייט און פרידן;
אַ ניי ששון־ושמחה ליד
וועלן זינגען אַלע אידן . . .

# אַן אַנדער פּורים

מ׳דערמאָנט זיך די יאָרן,
ווען מ׳איז געווען קליין,
ס׳האָט ס׳לעבן פאַרמאָגט דאַן
אַן אוצר מיט חן!

די לידלעך פון „ווייבער,
וואָס טוען זיך ראַשן
מיט פּורים, שלח מנות,
און מיט המן־טאַשן״.

מיר, קינדער, מיר פלעגן
זיי זינגען מיט טאַקט,
מיט אידישן טעם
און מיט פּורים־געשמאַק.

ווי פריילעך מיר פלעגן
די לידעלעך זינגען!
ווי עס פלעגן דאַן ריין
די קול׳עכלעך קלינגען!

ניט פאַרשטאַנען די געפאַר,
וואָס וואַקסט פאַרן איד;

וועט ס'וועט ווערן פאַרשטומט
און פאַרשניטן זיין ליד! . . .

ווען אויך אויף די קינדער
אַ המן וועט קומען —
און אומברענגען זיי,
ווי אומשולדיקע בלומען . . .

# פון פורים ביז פסח

(דעראינערונג)

אויף מאָרגן נאָך פורים
מ׳נעמט מצות זיך באַקן;
שוין טרוקענע, קרוכלע —
אונטער ציין זיי קנאַקן.

אָט באַקט מען שוין אונזערע —
אַ „זאַלעשקע" כ׳טו קריגן;
ווי גוט ס׳איז, און טייער,
אַ קינד זיין ביי אידן!

צי קענט איר „פעטרוקעס"
צו מיר זיך דען גלייכן?
צום קינד פון אַ פאָלק —
אַ שיינעם, אַ רייכן?

מען ברענגט דעם קויש מצות
אין שטוב נאָר אַריין —
שוין גרייט מען פאַר חרוסת
ניס, עפל און וויין!

אָט איז פאַרן סדר
געגרייט שוין דער טיש!

עס שמעקן די כרעמזלעך,
דער ווײַן און די פיש !

אין שײַן פון די בענטש-ליכט
די אויגן איצט בליצן :
דער טאַטע איז קעניג ! —
מיר, קינדערלעך — פּרינצן ! . . .

# פסח אַמאָל

אַ הויפן טערקישע ניסלעך
האָט מיר מיין מאַמע געגעבן;
עס טאַנצן די קליינינקע פיסלעך
פון קינדער פול מיט לעבן.

אָ, פסח, פסח! צי ווייסט איר
וואָס אונזער יום־טוב באַטייט
פאַר אונז, די „אַריסטאָקראַטן",
די אויסדערוויילטע לייט?

אָט שטעלן מיר אויס
די וועלעשע ניס אין רייען,
מ'קייקלט דאָס אייזערנע „ביקל"
און אַלע אינאיינעם מיר שרייען:

„ישראל'קע האָט געוואונען!"
אַריינגעטראָפן אין דער ריי!
און ער האָט צוגענומען
גאַנצע ניסלעך — דריי!

נאָר ליבקע איז גאָר אַ מזיק —
זי צילעוועט גלייך אין „בכור",

און צוגענומען האָט זי אַלע —
געלאָזן אין ניסעלע נאָר!

וואו זענט איר איצט פאַרשוואונדן,
איר קינדערלעך — די שיינע?
מ׳האָט אויסגעשאָכטן אַלע —
געבליבן איז ניט איינע . . .

# שבועות

גיכער, גיכער, גיכער!
קומט שוין רייסן אַייער
שבועות קומט־אָן באַלד;
ס׳איז דער טאָג אַ העלער,
קומט־זשע, קינדער, שנעלער,
לויפן מיר צום וואַלד.

רייסן מיר און זינגען,
טאַנצן מיר און שפּרינגען;
און מיט אַ פולן קויש
אייער אָנגעקליבן
פאַר׳ן יום־טוב, דעם ליבן,
מיר לויפן צוריק אין הויז.

אויסגעפּוצט מיט גרינעם,
פיגורן אַלע מינים
— די פענסטער און די ווענט
גייען מיר פאַמעלעך
אין שול אַריין, און פריילעך
מיר פליעסקען מיט די הענט.

פון שול אַהיים געקומען —
האָט באַלד אונז אויפגענומען
די מאַמע, די געטרייע,
מיט בלינצעס צוגעברוינטע
און קרעפּלעך מיט קעז געפילטע,
צום עסן — אַ מחיה.

— — — — — — — — — — — — — —

פון יענע יונגע יאָרן
נאָך בלייבט אין מיין זכרון
דער יום־טוב פון „אקדמות״,
וואָס האָט אַזוי פיל לעבן
פון פרייד אַריינגעגעבן
אין אונזערע נשמות . . .

# שבועות אַמאָל

„קינדער! אונזער יום טוב טייער
שבועות קומט שוין אָן!
גייט־זשע גיכער רייסן „אַייער" —
פיל איז נאָך צו טאָן!"

מאַמע׳ס רייד אונז גלייך געפעלן,
מיר פליעסקען מיט די הענט:
מיט גרינס באַצירן היינט מיר וועלן
די פענסטער און די ווענט!

עס שיינט די זון אין דרויסן פיין,
אויף צווייגן פייגל זינגען;
לויפן מיר אין וואַלד אַריין —
טאַנצן מיר און שפּרינגען.

ס׳וועט די מאַמע בלינצעס מאַכן
און נאָך גוטע זאַכן;
אין שול אַריין מיר וועלן גיין —
אקדמות זינגען וועט מען שיין...

דאָרטן וועלן מיר אינאיינעם
דאַנקען, ליבן אונזער בורא,
פאַרן שבועות יום־טוב שיינעם —
פאַר זיין געבן אונז די תורה!...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אין חודש אָב

אין חודש פון אידישן טרויער
נאָך אונזער היסטאָרישן בראָך,
דערפיל איך מיט טיפן באַדויער
דעם אומגליק, וואָס מאַטערט אונז נאָך.

איך קלער, מיט אַ האַרץ אַ פאַרקלעמטן,
פון אַלע פאַרשוואונדענע פריידן
פון אידישן פאָלק, דעם פאַרשעמטן,
פון זיינע בלוטיקע ליידן.

און כ׳טראַכט מיר, פון מורא פאַרציטערט:
וואָס וועט פון מיין פאָלק איצטער ווערן,
אַז ווען ס׳איז זיין לעבן פאַרביטערט,
זוכט ער טרייסט נאָר אין פאַסטן און טרערן?

און וואָס מער די טרערן זיך גיסן —
פאַרצווייפלט ווערט מער זיין געמיט.
פאַר ווייטאָג דאָס האַרץ ווערט צעריסן:
ווען הערט שוין אויף ווייגען דער איד? . . .

# נאָך טרויער־טעג

פֿאַרקרעמפּט איז מיין האַרץ,
דער מוח פֿאַרשטאַרצט;
פֿאַר פֿרייהייט געקעמפּט,
פֿאַר אַ וועלט וועמענס פּנים אין שוואַרץ . . .

מען הערט אויף דער ראַדיאָ
וועגן „וואַרשעווער געטאָ",
פֿון אידישע קאַמפּס־העלדן —
דעם פֿאָלק׳ס כּבוד רעטער.

גיסט זיך טרערן פֿון די אויגן:
מיין משפּחה און די זעקס מיליאָן
ווי אַ שטורעם זיי זיינען פֿאַרפֿלויגן —
געשטעלט זייערע לעבנס אין קאָן.

די איינציקע האָפֿענונג און כּוח אונז גיט,
וואָס האַלט אונז נאָך אויף:
אונזער לאַנד זאָל שטאַרק זיין, געהיט —
אידן מוזן טאָן זייער הייליקן חוב!

ניט וואָרט ביז חלילה צו שפּעט —
דאָס איז אייער שטאָלץ, אייער גליק!
דעם נחת מען האָט דערלעבט —
דאָס אויסגעבענקטע לאַנד האָבן צוריק!

# אַ פאַרביטערטע

„צווישן אומגליק און טרויער
בין איך געבאָרן;
קיין יוגנט געהאַט —
דאָס לעבן פאַרלאָרן . . .

געוואַרט און געהאָפט,
געהאָפט און געוואַרט (?)
קיין גליק ניט געקומען —
מיר׳ט דאָס לעבן גענאַרט!״ . . .

אַזוי האָט אַ פריינדין
מיט אַנגסט צו מיר גערעדט;
אירע אויגן צום הימל —
אין אַ טרויער־געבעט . . .

# מיין יוגנט

וואָס בין איך, ווער בין איך?
„אַ קינד פון אַרמוט, נויט און דלות״.
געבאָרן, געוואקסן אין עלנט פון גלות.

אָן בילדונג, אָן פרייהייט —
אין אָרעם שטיבל, פול מיט לייד,
קיין ברויט צו זאַט, אָן שוך אָן קלייד . . .

געקוקט מיט ווייטאָג אין האַרץ און אייפערזוכט
אויף קינדער אין קלאַסן זיי גייען.
מיך האָט מען אָפּגעגעבן לערנען זיך נייען...

געאַרבעט שווער, גענייט און גענייט,
אַ פאַרלאַנג פאַרבליבן צו לערנען:
ניט נאָר פאַר קלייד און ברויט.

אַזוי, אין דער לופטן, הענגען געבליבן
צווישן הימל און ערד;
דאָס האַרץ נאָיעט און ווייטאָגט
ווי אויפן שפּיץ פון שווערד . . .

דאָך, אַלע יאָרן קיין האָפענונג פאַרלאָרן:
געהאָפט, גע׳חלומ׳ט, נאָך ישראל פאָרן,
ביז אין גאָלדן לאַנד זיך פאַרלאָרן . . .

פעסיל שער־קאָסאָװ

# פאָנאַר ביי ווילנע

(צום אָנדענק פון מיין אומגעבראַכטער משפּחה)

אָ, פאָנאַר, דיין נאָמען פאָנאַר
וואַרפט־אָן אויף מיר אַ שרעק,
און ווי פון אַ שוואַרצן קאָשמאַר
עס ווייטיקט מיין האַרץ אָן אַ ברעג.

ביי דיר איז פאַרגאָסן געוואָרן
פון מיין משפּחה ס׳הייליקע בלוט;
וואָלט איך נאָך געוועזן דאַן אין ווילנע —
מיט זיי כ׳וואָלט אין קבר גערוט . . .

דאָרט, וואו מ׳האָט פון דור־דורות
פאַרשניטן די לעצטע צווייגן —
ווי קענסטו, אָ, גאָט, די רציחות
פון די נאַצישע מערדער פאַרשווייגן ? . . .

— — — — — — — — — — — — — —

דער גורל פון מיינע געליבטע
האָט מיך ווי אַ האַמער דערשלאָגן;
און אין מיינע יאָרן באַשערטע
דעם טרויער אין האַרץ וועל איך טראָגן . . .

# איינע פון אַ סך

(צום אָנדענק פון די קדושים אין ווילנער פאַנאַר)

נאָך לעבט אין מיין זכרון
די צורה פון אַ ווילנער חסידה,
פוןביילקע, ר׳ שעפּסל׳ס,
דעם מלמד׳ס בת־יחידה.

מיט אירע שוואַרצע אויגן,
ווי שיין און ווי גרויס;
דעם טאַטנ׳ס נחמה,
דאָס ליכט פון זיין הויז . . .

אויף אַ קאַנווע, אַ גרויסער
האָט זי אויף קינסטלעכן שטייגער
אויסגעהעפּט דאָס בילד
פונם גאון, ר׳ עקיבא אייגער.

און הויך אויף מזרח־וואַנט,
אין אַ ברוין־פאַרביקער ראַם,
געהאנגען איז דאָס בילד
פון דעם געטלעכן מאַן.

מיטן קיילעכדיקן היטל
אויף זיין רבנישן קאָפּ;

די ווייסע באָרד, די קלוגע אויגן
אָפּט באַוואונדערט איך האָב.

די קאָלירן אויסגענייט
פון זייד און פון וואָל,
רעדן היינט נאָך צו מיר
ווי אין מיין שיינעם אַמאָל . . .

איצט איז ביילקע, די מאָלערין
פון דעם חכם, דעם האַר,
צווישן קדושים באַגראָבן
אין דעם ווילנער פּאָנאַר . . .

און ווען אָן זיי אַלע
איך דערמאָן זיך אַצינד —
פיל איך זיך פאַרלוירן
ווי אַן איינזאַם קינד . . .

# עס קלינגען די גלאָקן

עס קלינגען די גלאָקן
פאַר אַ יאָר אַ נייעם ;
וועלן זיך וועלט און מענטש
פון פאַלשקייט באַפרייען ?

ס׳אַלטע יאָר איז אַוועק,
דאָס נייע קומט אָן —
ווער וועלט איצט באַווייזן
וואָס בעסערס אויפצוטאָן ? . . .

און קענען — קען דאָך וועלט
אויפטאָן גרויסע וואונדער ;
שאַפן גליקלעך לעבן
פאַר אַלע מענטשן־קינדער !

זי קען אויך דעם אידן
גערעכטיקייט טאָן ;
העלפן בויען זיין לאַנד —
דערהויבן זיין פאָן.

העלפן באַרואיקן
די שווערע געמיטער —
גענוג זיי געפייניקט
מיט אייזערנע ריטער . . .

# מיר אָבער גלויבן!

(צום שוואַרצן „ווייסן פּאַפּיר")

אונזערע לעבנס צעשטערט;
גיין אין אונזער לאַנד — פאַרווערט.
אַ ווייס־שוואַרץ פּאַפּיר
אויפגעהאַנגען אויף דער טיר . . .

מיט גבורה פון ביקס און שווערד
אויף פאַרשפּראָכן אידיש ערד,
ווילן די שטאַרקע, מיט זייער מאַכט,
אָנהאַלטן די פינסטערע נאַכט . . .

מיר אָבער גלויבן אין מאַכט פון גאָט,
וואָס צוגעזאָגט די אידן האָט,
אַז זייער לאַנד וועט פאַר זיי בליען,
דאָס ליכט פאַר וועלט וועט געבן ציון!

דער טייוול מיט זייער שוואַרצער גבורה
וועט פאַרלירן זיין אייגענע צורה.
ער וועט נאָך ביים איד מחילה בעטן,
אים צו העלפן פון אונטערגאַנג רעטן.

מיט פייניקן אַ פאָלק און קוועלן
קען מען דעם אמת ניט פאַרשטעלן;

פֿריער־שפּעטער וועט יושר זיגן,
און פֿאַלשקייט וועט אין קבר ליגן.

און ווען פֿון אייך טיראַנען
וועט שוין גאָרנישט ווערן —
וועלן פֿאַר איד און וועלט
שיינען ליכטיקע שטערן . . .

**פּעסיל שער־קאָסאָוו**

# קומט, אידן!

(געווידמעט דעם משפּט אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן)

קומט אידן, קומט!
קומט אַלע ווי איינער —
ס'טאָר פון אייך קיינער ניט פעלן
דעם שונא, וואָס לייגט
אויף די וועגן אונז שטיינער,
צום משפּט מיר וועלן איצט שטעלן.

דעם הייליקן אמת
אין פּנים אים זאָגן —
דאָס מוזן מיר אַלע ווי איינער.
אַן אוממענטשלעך לעבן
פון אַנגסטן נאָך דולדן
דאָס טאָרן מיר קיינער.

מיר מוזן איצט העלפן
דעם קאַמף, דעם גערעכטן,
קעגן די שונאים די שלעכטע,
וואָס צוזאָג נאָך צוזאָג
זיי האַלטן אין ברעכן —
און בלייבן ביי זיך נאָך גערעכטע.

און װען מיר װעלן
אונזער פֿרײַהײט געװינען —
אונזער אײגענעם גאָט
װעלן מיר דינען.

אונזער שטים װעט דאַן קלינגען
הויך און רײן
פֿאַר אַ מענטשהײט
ערלעך און שײן.

די װעלט מיט חרטה
צו אונז װעט קוקן
און נאָר פֿאַרן אמת
װעט זי זיך בוקן . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# צו מיין ווילנע

נאָך שוועבן פאַר מיינע אויגן
די ווילנער זאַוואַולקעס און גאַסן,
וואו ס'איז מיין יוגנט פאַרפלויגן
אין גערויש מיט די מאַסן.

די אידישע גאַס מיטן טויער
און די געטאָ דורך־הויף;
די ווייבער מיט די קאָשיקעס —
דער אַריינגאַנג ווי אַ רייף.

די „ברייטע״ און די „נעווסקי״,
וואו געקאָכט האָט אידיש לעבן;
וואו אונזער יוגנט האָט מאַרשירט
און קרבנות פיל געגעבן . . .

היינט, מיין ווילנע, וואָס וועט פון דיר ווערן?
ועסטו צו זיך נאָך קומען?
נאָך זיין „ירושלים דליטא״
און אַרויסגעבן אידישע בלומען? . . .

# ניט רעד צו מיר!

ניט רעד צו מיר, פֿריינט,
פֿון רויזן און בלומען,
ווען שווער איז מיין האַרץ,
ס׳געמיט איז צעדריקט;

פֿאַרצאַמט איז דער וועג,
אונז לאָזט מען ניט קומען —
מען האַלט אונז נאָך אַלץ דאָרט
אין לאַגערס געשטיקט . . .

אָ, וואו איז די פֿרייהייט,
וואָס איר האָט פֿאַרשפּראָכן?
דער הייליקער צוזאָג,
וואָס איר האָט געגעבן?

איר שווייגט, דיפּלאָמאַטן,
נו, זאָגט — היתכן?
אַ פֿאָלק נאָר צו שטיקן
הייסט „געבן אים לעבן״?

מיר האָבן פֿיל יאָרן
געהאָפֿט און געגאַרט

די גליקלעכע שעה
פאַר פאַרמאַטערטן איד.

אין ביטערסטע ליידן
אויף דערלייזונג געוואַרט —
ווי קען איך גאַר זינגען
אַ לויבגעזאַנג ליד ?

# וואָס טראַכט איר?

נו, זאָגט מיר, וועלט־פירער,
וואָס טראַכט איר אַצינדער
צו טאָן אין „סאַן פריסקאָ"
מיט ישראל׳ס קינדער?

אַ פאָלק אָן אַ באָדן
אָן אייגענער פאָן —
נאָך אַלץ וועט איר שטעלן
זיין לעבן אין קאָן?

ער האָט דאָך פאַרגאָסן
זיין בלוט אַזוי פיל!
צי וועט איר אים לאָזן
דערגרייכן זיין ציל?

אויב איר וועט ניט שאַפן
קיין פרייהייט דעם איד —
וועט זיך איבער׳חזר׳ן
דאָס זעלביקע ליד.

די וועלט וועט דאַן ווידער
אַלץ צאָלן אַ פרייז

דעם „האַקענקרייץ״, אָדער
דעם „הערשער פון רייז״ . . .

איז אויב איר מיינט ערלעך
און ערנסט אַצינדער —
דאַן מוזט איר גערעכט זיין
צו יעקב׳ס קינדער!

זיי זיינען, ווי אַלע,
אַ טייל פון דער וועלט —
טאָ שאַפט פאַר זיי פרייהייט,
אַן אייגן געצעלט! . . .

# שטראָף־רייד

דורכן פענסטער כ׳זע דעם שניי,
ווי דער שניי פאַלט און פאַלט ;
אויפֿן וואַנט — דעם טאַטנס בילד,
זיין ווייסע באָרד, זיין שיין געשטאַלט.

ער קוקט מיט זיינע קלוגע אויגן
צו מיר, נאָר רעדט ניט קיין וואָרט ;
כ׳שפּרייז איבערן צימער טיף געבויגן
און געפֿין זיך ניט קיין אָרט.

ניט פֿאַרשטאַנען אים ביים לעבן ;
ער האָט זיך מיט תורה אָפּגעגעבן ;
פֿאַרמאָגט אַ רייכקייט אין זיין גלויבן —
זיין יעדער יום־טוב — אַ שטוב גן־עדן . . .

ער קוקט פֿון בילד צו מיר אַראָפּ,
באַטראַכט מיר מיט זיין שיינעם קאָפּ :
„ביזט געגאַנגען, קינד, אויף פֿרעמדע וועגן —
אויף גרינע לאָנקעס, ווייטע שטעגן.

„האָסט געהאָלפֿן נייע וועלטן בויען,
דיין אייגן פֿאָלק ניט געוואָלט געטרויען ;

איצט, ביים אידישן גאָט מחילה בעט!
איידער ס׳וועט שוין זיין צו שפּעט . . .

„פּעסט צו דיין אומה קניפּ זיך אָן!
וויקל זיך איין אין דער אידישער פאָן!
איידער, קינד מיינס, ס׳ווערט צו שפּעט!"
אַזוי האָט מיין טאַטע צו מיר גערעדט . . .

# גלאָקן פון פרייהייט

עס קלינגען שוין גלאָקן
פון פרייהייט און פרידן —
געדענק, ציוויליזאַציע,
פאַרגעס ניט דעם אידן!

די פרייהייט קען האַלטן
פון אסתר תענית ביז פורים,
אויב באַפרייסט ניט דעם איד
פון זיינע יסורים . . .

ניט די קלויסטערס פון רוים,
ניט די פרייהייט-גלאָקן,
וועלן אויסקויפן די זינד
קעגן דעם פעלקער-זקן!

איז, אויב איר ווילט ניט
דעם אמת אָפּנאַרן —
טאָ טוט אייער חוב —
איר הערשער און האַרן!

אויב בלייבן זאָל עכט
די פרייהייט, דער פרידן —
מוז וועלט זיין גערעכט
צום פאַרפייניקטן אידן! . . .

# לידער פון עלנט

1

דו ביזט צו מיר געקומען
ווי בליץ אין שטורעם־ווינט ;
דו האָסט מיך דאַן פאַרלאָזן
מיט — אונטערן האַרץ אַ קינד.

טאָ, וואו איז איצט דיין צוזאָג
פון „אייביקן גן־עדן",
וואו ס'וועט אַ גליקלעך לעבן
גענוג זיין פאַר אונזביידן ?

איצט ביזטו ווייט פאַרשוואונדן,
כ'ווייס ניט פון דיין געביין,
און עלנט בין איך געבליבן
אויף גרויסער וועלט אַליין . . .

2

איך שלאָג־אָן אַלע וועגן
אויף ערד און ווייטע ימ'ען ;
איך וואַנדער אום, ווי ס'וואָגלט
אַ יתום אָן אַ מאַמען.

מיך טראָגט אַרום דאָס לעבן
ווי ווינט אַן עלנט בלאַט ;
ביז דעם טויט וועסט ד ו מיר ברענגען
און דעם סוף פון נע־ונד . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# איך זע נאָך

איך זע נאָך די שווערע
און פינסטערע ווענט
אַרום די פאַרמאַטערטע ברידער;
זיי שטרעקן אויס דאַרע
פאַרטריקנטע הענט,
פון הונגער פאַר׳חלש׳טע גלידער.

„דו הימלישער פאָטער,
ווי לאַנג וועסטו לאָזן
פייניקן אונז אַזוי שווער?
פאַרוואָס זאָלן זיין
דיינע קינדער, דערוויילטע,
מער עלנט פון עלנטסטן גר?

„דו ווייסט דאָך, מיר זיינען,
האַרציקער טאַטע,
אין יעדן לאַנד גאָר געטריי,
דאָך צווינגט מען אונז טראָגן
די שענדלעכע לאַטע,
מען לאָזט אונז ניט אָטעמען פריי".

איז טאַקע: ווי לאַנג וועסטו
גאָטעניו ליבער,
אַלץ קוקן, און מאַכן אַ שווייג?
ווי לאָזטו די שווערד אַלץ
פונם בלוטיקן הענקער
פאַרשניידן דיין הערלעכן צווייג?...

# אַ מאַמע

כ׳ליג אויף מיין געלעגער
און כ׳קלער נאָר און טראַכט:
„מיין זון, איצט, וואו איז ער
אין פינסטערער נאַכט?"

צי קעמפט ער אין לופטן,
צי גאָר אויף דער ערד?
צי שלאָגט ער דעם שונא
מיט באָמבע, צי שווערד?

אָ, גאָט, דאָרט אין הימל,
דו ווייסט דאָך דעם צער,
ווען ס׳האַרץ פון אַ מאַמען
זיך שרעקט פאַר געפאַר!

טאָ, ברענג מיר אים, כ׳בעט דיך,
אַ גאַנצן צוריק,
אויף אים, ווען איך לעב נאָך,
צו געבן אַ בליק!...

# די פּאַרהאַסטע

מיט ברענענדע אויגן זיצט זי אַצינד,
פאַרטריבן פון פריינט מיט איר אומגעזעצלעך קינד.

זי ווערט פון יעדן פאַרהאַסט און פאַראַכט,
דער טאָג איז פאַר איר ווי די פינסטערע נאַכט.

די „ציוויליזאַציע״־שטיינער פאַלן אויף איר שווער —
דער, דורך וועמען זי ליידט — קומט שוין ניט מער.

# איך בעט אַ מתנה

כ׳בעט ביי גאָט אַ מתנה,
וואָס כ׳ווינטש מיר גיך צו פאַרמאָגן:
דעם קאָפּ פונם גרעסטן באַרבאַר
וואָס האַלט אונזער וועלט אין פאַרפלאָגן.

כ׳וואָלט אָנגעטאָן אים אויף אַ שפּיז,
אַז אַלע פאַרגאַפּט זאָלן קוקן,
ווי זיינע משוגעים, פאַרערער
קומען זיך אַלץ צו אים בוקן . . .

אַלע דערלייזטע, באַפרייטע,
אויף אים זאָלן שפּייען אין מאַסן,
און שלעפּן דעם קאָפּ פונם מערדער
דורך פריילעכע אידישע גאַסן . . .

# פאַר אונזער פאָלק

עס שרייט מיין בלוט
אין ווילדן פיין,
עס ווייגט מיין האַרץ און נשמה:
ווען וועט דער פיינט
באַזיגט שוין זיין?
ווען האָבן מיר שוין די נקמה —

פאַר אונזער פאָלק,
פאַר קרובים און פריינט,
מיליאָנען אומזיסטע קרבנות?
אויב נאָך ניט היינט,
זאָל מאָרגן כאָטש,
שוין נעמען אַ סוף צו סכנות!

ווען פאַלן איך זאָל
אַ קרבן דערפאַר —
געוועזן וואָלט איך רואיק, צופרידן,
אַבי ס'האָט באַצאָלט
דער ווילדער באַרבאַר
פאַר יעדן צעבלוטיקטן אידן...

פעסיל שער־קאַסאָוו

# מיין אידישע ווילנע

אָ ווילנע, מיין ווילנע,
מיין אידישע ווילנע,
עס האָבן די מערדער
צעשטערט דיין געביין!

מיין האַרץ איז פאַרגליווערט,
די פויסטן זיךביילן,
די טרערן זיך גיסן
אין בלוטיק געוויין.

וואו זיינט איר אַצינד —
מיינע פריינט, מיין משפחה?
וואָס האָבן די הענקער
פון אייך דאָרט געמאַכט?

צי לעבעדיקערהייט אייך
אין קברים באַגראָבן,
צי מיט גאַזן דערשטיקט
אין וואַגאָנען פון פראַכט?

ווי טרויעריק, עלנט
איך פיל זיך אַצינדער!

מיר האָבן זינט דורות
געלעבט דאָך אין שטאָט !

די פעטערס, די מומעס
און פיל שוועסטער-קינדער —
פאַרוואָס האָסטן געשטראָפט זיי ?
אָ, אידישער גאָט !

פעסיל שער־קאָסאָוו

# ביי מיין פענסטער

רויטינקע קנאָספּעלעך לעבן מיין הויז,
אונטער מיין פענסטער צעוואַקסן זיך גרויס;

שמייכלט די זון זיי ליבלעך אַראָפּ,
באַגריס איך די „ליבענקע" מיט אַ שאָקל פון קאָפּ.

כ׳קני פאַר די בלימעלעך, מיט צאַרטקייט באַרירט,
די איידעלע בלעטלעך — גאָט׳ס פּענזל באַשמירט...

פליט אַרויף אַ פייגעלע, מיטן שנאָבעלע זי קושט,
און זיסענקע טרעלן ס׳גיסן פון איר ברוסט.

די לופט אַזוי הערלעך, דער הימל לויטער ריין,
שמייכלט דער פרילינג ליבליך, מיט חן;

ווילט זיך ניט דענקען פון פינסטערע נעכט,
ווי מענטשלעכע חיות זיינען אומגערעכט, שלעכט!...

# אין ניו־יאָרק

מען לויפט אונטער דער ערד אין „סאָבוויי״,
ס׳פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם — אָך און וויי . . .
מען שפּאַרט זיך קוים אַריין אין באַן —
ניטאָ קיין פּלאַץ — אַפילו אַ שפּאַן!

אַז מען הענגט זיך אָן אויף דער „תליה״,
דערפרייט מען זיך מיט דער מציאה . . .
און ווען מען דאַרף פון באַן אַרויס —
די שפּאַרעניש איז שרעקלעך גרויס.

אַצינד האָט מען דעם אמת׳ן „שטרייט״:
ניטאָ קיין כוח, ניט קיין צייט . . .
אויסגעמאַטערט פון פאַבריק
קומט מען אַהיים צוריק . . .

מען פאַלט ביים עסן ווי אַ סנאָפּ,
ס׳רוישן די רעדער נאָך אין קאָפּ . . .
ווידער בלייבן ווייב און קינד אַליין,
ווילן אים נעביך ניט פאַרשטיין . . .

# די גרעסטע שטאָט

אָנגעפאָרן זיך אַ סך,
אָנגעזען ניו־יאָרקער קראַך;
טאָג און נאַכט, עס לעבט —
ווי אין אַ „סינעמאַ״ עס שוועבט . . .

איז אַצינד ביי מיר אַ גליק, —
פאָר איך שוין אַהיים צוריק
אין מיין שטאָט, וואו שאַ און שטיל:
מען לעבט מיט „חשבון״ און געפיל . . .

מענטש מיט מענטש קען זיך פאַרשטיין —
ווער ס׳איז „גרויס״ און ווער איז „קליין״ . . .
מען קלייבט זיך אויס פיינע פריינט,
מען ווייסט פון אַ נעכטן און פון אַ היינט . . .

# אַ גלייכע פּאָר

באַשאַפן האָט זיי גאָט אַ „פּאָר" —
זאָלן זיין אויף לאַנגע יאָר;
ער פון „ניקאָלאַי'ס אַרמיי" געקומען,
זי ווי אַ פרישע בלום פון אַ קראַנץ בלומען . . .

ער פון „סלושבע" שטאַרק און רויט,
זי — איידל-צאַרט פון עלנט-נויט . . .
ווי ער האָט איר נאָר דערקענט —
איז ער געוואָרן פון ליבע „פאַרברענט" . . .

זי האָט נעביך פּראָטעסטירט,
דער אָרעמער קרעמער האָט איר אינטערעסירט;
ס'האָט ניט געהאָלפן איר וויינען און בעטן,
ניט געוואוסט האָט זי ווי זיך צו רעטן.

זי איז מיטן סאָלדאַט צו דער חופה געגאַנגען,
איר האַרץ געבליבן ביי „יענעם" געפאַנגען;
קינדער געהאַט, קינדער פאַרלאָרן —
ווינט זי אויף איר מזל אַלע יאָרן . . .

# איינזייטיק

שרייב איך אַצינד צו מיין „גאַזעט" —
בין ניט זיכער צי דרוקן מען וועט;
ס'מעג דאָס זיין ווי „שיינע בלומען",
ווי דערהויבן, ווי פערפיומען . . .

דער רעדאַקטאָר זיך גיט אַ קרים —
האָט „קיין־זאַך" מער קיין זין;
ליידט פון דעם מיין „אָרעמע מוזע"
און „קאַפּוט גייט מיין פּאָעזיע" . . .

ווען פאַרלירסט מוט צום שרייבן,
קען געדאַנק אויף פּאַפּיר ניט בלייבן?
פאַרגייט אַלץ ווי אין אַ חלום —
ביים רעדאַקטאָר איז ניטאָ קיין שלום . . .

האַלט פון פּריווילעגירטע, אויסדערווײילטע —
„זייערס"? — זיכער מען וועט דרוקן!
אפילו ניט געפעלן לאָגיש,
אָבער אויפן נאָמען קען מען קוקן . . .

# מוזיק און מעלאָדיעס

דעם קינסטלער׳ס פינגער
איבער קלאַווירן זיך הויבן,
געפילן זיך צינדן —
פון עקסטאַז זיך דערהויבן.

מען הערט מיט געפיל
אַ שטימונג פון טרערן,
פילט מען אַן אומרו,
געדאַנקען אין הויכע ספערן . . .

ציען זיך טענער
ווי גאָלדענע שטראַלן,
זיידענע פעדים
זיי פאַלן און פאַלן . . .

אָט גיסן זיך טרערן
און באַלד איז אַ שמייכל,
פון די האַרציקע טענער —
ס׳אַרבעט דער שכל . . .

עלאַסטיש פינגער זיך בייגן,
ווי שוואַלבן זיי פליען,

אַהין קוקן אַלע אויגן
וואו גאָלדענע טענער ציען . . .

ווי קאַנאַריקלעך טרעלן,
און קוואַלן זיך גיסן —
דאָס האַרץ טוט קוועלן:
באַלד נערוון צעריסן . . .

הימלען — ווייטע, בלויע,
פורפורנע ווייט זיך ציען;
איבער שפילעוודיקע קוואַלן
מיליאָנען פייגל פליען . . .

אויך ווייסע טויבן אין לופטן
אונטערן הימל פליען,
און זיסע טענער, מעלאָדיען
אין האַרץ, נשמה זיך ציען . . .

פאַר די אויגן זעט מען
פאַרשידענע קאָלירן,
פון די רייכע טענער רעד מען:
צו פירן — און פאַרפירן . . .

# אָפּטימיסטן...

... פלוצלינג, זאָגט איר, איז געקומען?
אַלץ ביי אונז צוגענומען;
צעשטערט אונזערע שענסטע „בלומען“,
וואָס געשמעקט מיט וועלט־פּערפיומען.

טויזנטער יאָרן מען האָט אונז געביסן,
מיט אייזערנע קאַמען אונזער לייב געריסן;
אונזער בלוט, ווי וואַסער גיסן —
ניט געלאָזט פון וועלט געניסן!

פון אונזער לאַנד אונז פאַרטריבן,
ניט געשוינט קיין קינדער אין וויגן;
געלעבט האָבן „זיי“ מיט באַטרוג און ליגן,
זייער מפּלה מוזן זיי קריגן!...

טייכן בלוט טוט ווידער גיסן —
אונזערס און שונא׳ס פליסן;
אָבער פרייהייט וועלן מיר געניסן,
כאָטש אונזערע הערצער זיינען צעריסן.

צו פרייהייט מיר טוען שטרעבן,
אין אונזער לאַנד מיט ליבע וועבן;

מיר, אָבער, קענען פאַרגעבן,
לערנען דער וועלט ווי צו לעבן . . .

מענטש־חיה זאָל מער ניט לויפן,
פאַר אַ טאָפּ לינדזן די נשמה פאַרקויפן ;
ניט ווי ווילדע קראָען פליען,
און לערנען וועלן זיי נאָר פון ציון !

# זומער

אויפֿן בוימל, ביי מיין שטיבל,
די קנאָספּן זיך צעבליט:
ס׳צייגן זיך שוין די מאַרעלן —
ס׳פֿאַלט אַראָפּ דער צוויט.

ווייַנטרויבן, אויף גרינע שטענגלעך,
אונטער די בלעטער הענגען
און אויף דעם קאַרשן־בוים —
רויטע „קעפּלעך" ברענגען . . .

זומער־פֿייגעלעך פֿליען
פֿון צווייג צו צווייג;
„ראָבינס" ווערים ברענגען
צו זייערע קינדער אין שטייג.

די בינען אויף קוסטן זשומען,
לויפֿן פֿון בלום צו בלום;
פֿון זיי זאַפּט באַקומען
פֿאַרן האָניק־זיסן רום . . .

די גאָלדענע זון שיינט
אַזוי ליבלעך און פֿריי;
דער שיינער זומער־טאָג —
ווי אַ ליבע כלה אין מאַי.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# דעראינערונגען

די אויגן זיך שליסן
פון מידקייט און מאַט,
די טרערן זיך גיסן
פון צרות צו זאַט . . .

געהאַט אַמאָל צייטן
פון נחת און פרייד,
געשימערט מיט לייטן
אין „מאָדערנישן" קלייד . . .

פאַרבראַכט אויף שמחות,
גערעדט און געזונגען,
געלאַכט ווי אַ גלעקל,
געטאַנצט און געשפּרונגען . . .
— — — — — — — — — —
יענע צייט און יאָרן
שוין לאַנג פאַרלאָפן,
שנעל אַלט געוואָרן —
אויף וואָס איז נאָך צו האָפן ?! . . .

# אַ מתנה

אַ חבר זיין בוך האָט
מיר אַ מתנה געשיקט,
זיינע ביטערע ליידן —
דאָס האַרץ ווערט צעדריקט! . . .

זיינע ליידן מיט הומאָר
אין בוך ער דערציילט,
ס׳האַרץ גיט אַ ציטער —
ווי דאָקטוירים אים געהיילט . . .

זיין פאַרגאַנגענע יוגנט
מיט „ביטערס״ געמישט;
געווען ווייט פון פריידן,
אַז טרערן זיך גיסט . . .

געשלייפט ווי אַ דימענט
פון קלעפּ אַלערליי:
אין נויט און אין דחקות,
ווי דער אידישער ווי . . .

כ׳ווענד זיך צום מזרח —
פאַר זיין געזונט כ׳טו בעטן:
שענק אים זיין לעבן,
פון קראַנקהייט אים רעטן! . . .

# אַ באַגעגעניש

פאַסירט, כ׳האָב באַגעגנט אַ איד:
ער האָט מיר דערמוטיקט צו שרייבן אַ ליד.
כ׳פּרוביר דאָס טאָן מיט אַ ציטערדיקער האַנט,
בעט גאָט מיר געבן אַ קלאָרן פאַרשטאַנד . . .

דער מאַן איז אַ שרייבער, מיט גרויס טאַלאַנט,
ער פאַרנעמט אַן אָרט אין מזרח־וואַנט . . .
רעספּעקט ביי די וואָס אים קאָנען —
אין זשורנאַלן, צייטונגען דערשיינט זיין נאָמען.

אַ מענטש, באַרייזט ער האָט אַ וועלט,
אין ארץ ישראל געבויט געצעלט;
אין געזעלשאַפט — זיין חכמה יעדן געפעלט,
אַ מענטש מיט געפיל, זוכט קיין געלט! . . .

האָט ער פריינט גאָר אָן אַ צאָל,
רעספּעקט און אַכטונג יעדן מאָל;
צו יעדער צייט, מיט ליבע פון יעדער זייט
קלינגט זיין נאָמען ברייט און ווייט!

# ניט גענוג!

רופט איר דאָס אָן עפּיטאַף?
(כ׳מאַך דערפון קיין ווענן!)
אַ הונדערט פערציק פונט ביכער
געשיקט קיין ישראל צום לעזן.

פון קינדהייט אָן גע׳חלומ׳ט איך האָב:
די היים פון מיינע אבות;
דאָס לעבן האָט געשפּילט מיט מיר
ווי אַ קינד, מיט שפּילצייג, אויף קאַטאָוועס...

אָט, אָט האַלט איך שוין ביים פאָרן -
ווי שטריק האַלט מיך צוריק!
מיין נשמה איז פאַרדאַרט געבאָרן,
מיין גוף — דאָ איז מיין גליק!...

לעבן באַזונדער מיין גוף און נשמה:
אין צווייען מיין לעבן צעשניטן;
איז דאָס אויף מיר דער שפּאַס פון נקמה
ווען אַנדערשקייט ליגט זיך אין מיטן?...

# די פרייע וועלט

מיר, אומזיסט פֿאַרלוימדעטע,
פֿאַראַכטעטע, אויסגעריסענע;
שונאים — ניט געקליבענע,
מערדער הערצער, פֿאַרביסענע . . .

פֿאַר גוטס — מיט בייז באַצאָלט!
פֿאַר הילף — שוואַרצע בלעטער געמאָלט;
פֿאַר מעשים גוטע, מענטשלעכע,
געגעבן „שפּיזן" שרעקלעכע . . .

מען רופֿט די וועלט „ציוויליזאַציע"
און מען טרעט אויף מענטשלעכע געפֿילן;
אויף ערלעכע פֿון מי און פּראַצע —
ביי די שטאַרקע רופֿט מען עס שפּילן . . .

# פון דער רייזע

מיין רייזע געענדיקט,
איך פאָר שוין אַהיים;
די וועלט אַזוי הערלעך,
און ליבלעך און שיין!

דאָס איז דער סך־הכל
פון מענטשלעכע יאָרן —
זיי קומען, זיי גייען,
מען האַלט אין איין פאָרן.

דערווייל לויפט דאָס לעבן
אַוועק אין געדריי —
אַ קורצע וואַקאַציע
פון זון ביז פאַרגיי...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אויף אַ גאַס

אַ וואָגן, אַ שוואַרצער,
ער שטייט ווי פאַרטראַכט;
אין זוניקן טאָג —
אַ שטיק פינסטערע נאַכט —

געשטאָרבן דער אַלטער —
געענדיקט די שפּיל;
ער דאַרף מער ניט שטרעבן —
ניטאָ מער קיין ציל . . .

אַ שטילע לויה —
קיין פּיפּס, קיין געוויין;
געהאַט אַ סך קינדער —
געשטאָרבן — אַליין ! . . .

# געלאַכט האָבן מיר

געלאַכט האָבן מיר פון שכנ׳ס אינגל,
ישראל׳יקל, דעם נאַר
וואָס געלערנט האָט שבת די סדרה,
געפּאָלגט גאָר זיין טאַטן, דעם „האַר״.

ווען זאָגן פלעגט ער די הפטורה,
מיט אַ ניגון, הויך און צעצויגן —
מיר „קלוגע״ און יונגע בונדיסטלעך
פלעגן לאַכן אים גלייך אין די אויגן . . .

אַ קלייניקייט ! „מיר״ — „אויפגעקלערטע״,
וואָס לעסטערן גאָט און דעם קייזער !
די מאַמע ? — זי איז דאָך אַלטמאָדיש !
דער טאַטע? — ער איז גלאַט אַ בייזער !

דערפאַר האָבן מיר, די „חכמים״,
פאַרגעטערט דעם „גרויסן אָראַטאָר״ !
געטראָגן די „קאַסאַוואראָטקעס״
ווי אַ הייליקטום — דער קוואַטער.

נאָר היינט, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער —
היינט זינגען שוין מ י ר די הפטורה !
אַצינד זיינען מ י ר די אָפּשפּעטער
פון „געצן״, אָנשטאָט פונם בורא . . .

# אונטערוועגנס

עס לויפט און עס לויפט,
און עס יאָגט זיך די באַן;
זי טראָגט דיך צו דרום
מיט בליציקן שפּאַן.
ס׳פאַרשווינדט נאָכאַנאַנד
דער ווייס־שנייאיקער צפון,
און פעלדער שוין גרינע
עס שפּרייטן זיך אָפן.

פון פראָסטיקן לאַנד —
צו וואַרעמער זון;
פון פינסטערע כמאַרעס
צו ליכטיק גן־עדן!
און ס׳ווערט אויפן האַרצן
אַזוי לינד, אַזוי גוט!
דו הויבסט אָן דערפילן
די געטלעכע פריידן . . .

דו טראַכסט: הלואי
אויך זאָלן פאַרשווינדן
די פינסטערע וואָלקנס
גיך פון דער וועלט;

און זאָל שוין די מענטשהייט,
די שרעקלעך געפּלאָגטע,
אויך רואיק זיך לעבן
פֿון זון־שיין באַהעלט !

# נייע האָפענונג

געמיינט אַז פון פראָסטיקן ווינטער
וועט גאָר קיין סוף ניט נעמען;
איצט איז ער אינגאַנצן אַהינטער —
און ס'האַרץ האָט אויפגעהערט קלעמען.

עס זיינען ווילקאָמענע געסט
געקומען אַהער שוין צו פליען —
די פייגל זיך בויען אַ נעסט
אויף בוימער, וואָס הויבן אָן בליען.

די זון הייסט מיט ליבע אונז וואַרטן:
עס מוז דאָך דער פרילינג שוין קומען!
מיט לעבן אַ נייעם, געגאַרטן,
וואָס קומט אָן מיט רויזן און בלומען.

און אויך אויפן ליבלעכן זומער
וואָס זאָגט־צו פיל צו געבן;
פאַרטרייבן די אַנגסטן און קומער,
און ברענגען אַ ניי און פריי לעבן! . . .

# אין חלום

ס׳האָט אין חלום צו מיר
אַ מלאך גערעדט
און מיך מיט די פליגל,
די ווייסע, געגלעט:
„אָ, וויין ניט מיין קינד,
דו לײדסט אי פון פרעמדע,
אי אייגן פאָלק׳ס זינד . . .

„דו ליידסט נאָך פון מכות
אויף אייגענעם גוף;
צי רופט זיך עס „קאָונסיל״,
צי „בונד״, „קאָמיטעט״,
וואָס פאָלגן פון שטן
דעם טייוולשן רוף״.
אַזוי האָט דער מלאך
צו מיר אַלץ גערעדט.

„פון אידישע פירער,
וואָס ברענגען נאָר שאָדן,
און גרילצן, ווי אויף
אַ צעבראָכענער פידל
אָן גרונט און אָן באָדן —
ס׳אַלטע, פאַרשימלטע לידל . . .

נאָר אויב ס׳פאַרבלייבט נאָך
דיין וואונטש ניט דערפילט,
איז מיין ניט אַז דו האָסט
דיין קאַמף שוין פאַרשפילט!

„די צייט וועט די שטערער
פאַרטרייבן ווי האָזן —
און אידיש פריי לעבן
וועט ווערן און בלייבן!

„טאָ וויין ניט, מיין קינד!
עס וועט נאָך זיין גוט,
ס׳וועט פרייהייט נאָך קומען!
עס וועט דעם אידנ׳ס
אומשולדיק בלוט
נאָך ווערן פאַרוואַנדלט
אין בלומען!...״

# אונזער געבעט

(צו די ימים נוראים)

מיר גייען אין שול איצט
צו בעטן ביי גאָט,
וואָס אַ וועלט מיט וואונדער
באַשאַפן ער האָט.

מיט שטערן אין הימל
און זאַמד אויף דער ערד;
אויך אַטאָם־באָמבעס —
חוץ ביקס און שווערד...

טאָ לאָמיר אים בעטן, אַז
ניט גענוצט זאָל עס ווערן
אויף מענטשלעכע לעבנס
פאַרוויסטן, צעשטערן.

נאָר ס'זאָלן שוין מענטשן
באַנוצן דאָס ווייטער,
פאַר אַ בעסערן לעבן
אין אַ וועלט אַ באַנייטער.

ניט שאַרפן קיין נעגל
איין מענטש אויפן צווייטן;

באַשײנען זײַן לעבן —
אָנשטאָט אים צו טויטן . . .

און אויך צו דעם אידן
מען זאָל זיך צוהערן,
אויך אים פאַרגיטיקן
פאַר זײַן בלוט און טרערן . . .

# דאָס ביסעלע אויל

הערט, איר וועלט־רעגירעֿר,
איר באַגייט אַצינד אַ גרויל
מיט פיל מיליאָנען לעבנס —
בלויז פאַר אַ ביסעלע אויל.

צוגעזאָגט אַ סך
האָט איר מיט אייער מויל,
איצט אַרט אייך ניט קיין זאַך
צוליב אַ ביסעלע אויל . . .

אויף „צוזאָג“, ווען איר דאַרפט,
זענט איר גאָרניט פויל —
פאַרלירט דאָס אָבער האַפט
קעגן דעם ביסעלע אויל . . .

מעג היימלאָז זיין אַ פאָלק,
פאַרהונגערט, נאַקעט, הויל —
אייך גייט ניט אָן קיין טאָלק,
אַבי דאָס ביסעלע אויל . . .

איר חוזק׳ט פונם שוואַכן,
און ס׳איז אייך גוט און וואויל —
ס׳וועט צוקונפט פון אייך לאַכן
צוליב דעם ביסעלע אויל . . .

# וועווערקע און מענטש

די וועווערקע טראָגט זיך
אויפן בוים אַרויף;
געשווינד באַוועגט זיך
איר קליינער גוף.

שיין איז אויף איר
דער „בעזים" עק;
פון קלענסטן שאָרך
זי לויפט אַוועק.

האָט מורא פאַר מענטש,
זאָל שלעכטס ניט טאָן;
זי וויל ניט שטעלן
איר לעבן אין קאָן.

דאָך לויפט זי אַרום
גאַנץ פריילעך און פריי,
אין מיטן דעם ווינטער
אַזוי ווי אין מאַי.

און מענטש קוקט פאַרגאַפּט
אויף איר — און שוויגט,

וואָס אַליין איז ער פאַרשקלאַפּט
ווי חיה אין שטייג . . .

ער גאַרט נאָך פרייהייט,
עס קאָכט אויף זיין בלוט —
צו צעררייסן די קייטן
האָט ער קיין מוט . . .

# פלאָרידאַ

כ׳האָב פאַרלאָזן די היים
אין ווייטן, קאַלטן צפון,
וואו די זון איז תמיד קאַרג,
און ווינטער גייט זי שלאָפן . . .

פאַרביטן אויף אַ הערלעך
וואַרעם־זוניק שטאָט,
וואו אירע הויכע פּאַלמען
דערגרייכן אַזש צו גאָט.

די פויגלען, אין פרימאָרגן,
זיי זינגען מיר אַ שיר;
זיי שטייען אויף מיין פענסטער,
און פליען פאַר מיין טיר.

אַ ליכטיק־שיינע וועלט
האָט אונז באַשאַפן גאָט,
נאָר דער מענטש ברענגט פאַרוויסטונג
און מאַכט גאָט׳ס ווערק צו שפּאָט.

אָט לויפן שוין די פויגלען
צו נעסטן — גייען שלאָפן;

דערציילנדיק זיך מעשות
פון טאָג, וואָס ס׳האָט געטראָפן.

און אָט זיץ איך ביינאַכט,
לבנה לייכט אַזוי שיין!
זי קוקט צו מיר גאָר ליבלעך,
מיט כשוף׳דיקן חן . . .

זי ווינקט צו מיר כסדר
מיט סודות׳דיקע בליקן,
בעת בלויער הימל, שטערן,
דאָס האַרץ מיינס זיי דערקוויקן . . .

# אַ יאָר אַוועק

קעלטער ווערן די זונען־שטראַלן ;
פון די בוימער בלעטער פאַלן.
אָט איז נאָך אַ יאָר אַוועק —
ס׳פלאָגט דער איד זיך אַלץ אין שרעק.

עפּעס איז אים אַלץ ניט קלאָר :
וועט גאָט געבן אַ בעסער יאָר ?
קען ער ווייזן אונז אַ נס —
דער שטאַרקער גולם זאָל ווערן אַ מת ?

ווייז זיי, גאָט, וואָס אונזער קריוודע הערט,
אַז „שטאַרקייט״ האָט ביי דיר קיין ווערט ;
אַז שטאַרק ביזטו נאָר מיט דיין מאַכט,
אַז ס׳לייכט דיין אמת אויך ביינאַכט !

מיר האָבן באַצאָלט פאַר זינד גענוג ;
נעם אַוועק דעם כח פון באַטרוג !
פון אונזערע שונאים נעם נקמה,
גיב ווידער רו אונז, און נחמה ! . . .

# מיר וואַרטן

וועלן מיר קריגן אונזער רעכט
דורכן באַזעלער קאָנגרעס,
ווען יעדע מאַכט איז פאַרטאָן
מיט איר אייגענעם אינטערעס?

מען דערגייט אונז ביז אין ביין,
מ׳וויל אונז האַלטן אייביק שוואַך,
אַז בלייבן זאָלן מיר אַליין
אָן אַ הויז און אָן אַ דאַך...

פרעגט זיך: אָ, וואו ביזטו גאָט?
(כ׳זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד)
מ׳מאַכט אונז צו שאַנד און שפּאָט,
ווען ס׳איז שרעקלעך אונזער נויט.

דאָך מיט ווייטיק און בטחון
אין דעם איצטיקן קאָנגרעס,
וואַרטן מיר נאָך מיט אַ ציטער —
אויף אַ נייעם, גרויסן נס...

# כ׳האָב קיינמאָל

כ׳בין קיינמאָל ניט קלוג געווען
צו כאַפּן פון לעבן אַ נאַש ;
כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואָלט זען,
ווי מ׳מאַכט פונם שוואַכן — אַש.

כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואָלט זיין גרויס
און זען יענעם פון מיר קלענער ;
און קיינמאָל ווייז איך ניט אַרויס
קיין באַגער צו זיין פון יענעם שענער.

קיינמאָל ניט אויף סטרונעס געשפּילט
צו ווי טאָן יענעמס געפילן ;
קיינמאָל קיין פּאַרדוס געפילט
פאַר אַ פריינט׳ס בקשה דערפילן . . .

נאָר וויטיקן געגוג געהאַט
פאַר שונא׳ס האַס צו אונז אומזיסטן ;
און פון פריינט׳ס ביטערן פאַרראַט,
און פון אונזער מזל, דעם וויסטן . . .

# צו מיין „געליבטן"

איך בין האַרציק פאַרליבט
מיט בענקשאַפט און קומער;
צו דיר מיין האַרץ ציט,
מיין טייערער „קרומער".

ווען כ'זיץ אין מיין חדר,
כ'פאַרמאַך שלאָס און ריגל,
ס'זאָל קיינער מיך שטערן,
ווען כ'שרייב פאַר דיין „שפיגל".

איך צילעווע ווערטער
ווי פערל אויף פאָדעם;
מאַך זיס מיינע גראַמען,
ווי לעקאַך און פלאָדן.

ווען פאַרטיק מיין ליד איז,
כ'שיק דיר עס, מיין „קרומער",
און הויב דאָס אָן זוכן
אין „טאָג'ס" יעדן נומער . . .

און ס'ברויזט אין מיין מוח
ווי געררויש פון מאַשינען,
ווען כ'האַלט אין איין זוכן —
און קען ניט געפינען.

אָ, „קרומער", לאָז מיך זען שוין
מיין ליד אין דיין „שפּיגל";
כ'וועל לידער דיר זינגען,
ווי אַ מאַמע ביים וויגל . . .

אויב ניט, וועל איך ווייטער
קיין לידער ניט שרייבן.
און וועל שוין קיין „פּערל"
פאַר דיר מער ניט קלייבן . . .

# דער טונקעלער שאָטן

וואָס גייסטו מיר נאָך,
דו טונקעלער שאָטן ?
וואָס מאַכסטו ס׳לעבן מיר שוואַרץ ?
וואָס גיסטו פאַרצווייפלונג
און טרויער־געוויין
אין מיין פאַרביטערטן האַרץ ?

קיין זוניקע שטראַלן,
קיין יובל׳דיק שאַלן,
דערפרייען ניט מער מיין געמיט ;
דאָס לעבן, די יאָרן
פאַרגייען אין צאָרן —
פאַרשווינדן אין פוסטן יאַריד.

אין יוגנט — אַנטציקט,
מיט טרוימען געקוויקט —
געזען אונזער וועלט אַ באַנייטע ;
איצט קלאַפּט מען אין טויער,
מיט הערצער אין טרויער,
מיט האָפענונג אַלץ אַזאַ ווייטע.

מיין פאָלק ווערט פאַראַכט,
זיין טיר אַלץ פאַרמאַכט ;

מ׳לאָזט אים זײַן קאָפּ ניט אויפהויבן;
סײַ „פרײַנט״ און סײַ שונאים —
דער זעלביקער פּנים . . .
טאָ װעמען־זשע זאָלן מיר גלויבן?

אָ, שאָטן — פֿאַרשווינד!
ס׳באַווײַזט זיך אַצינד,
אַ ליכטיקער שטראַל שוין אַ נײַער:
מײַן פֿאָלק שוין ניט רוט,
נאָר קעמפט איצט מיט מוט
צו ווערן אַליין זײַן באַפֿרײַער! . . .

# זינגען מיר...

זינגען מיר דאָס גאולה־ליד,
בערג און טאָלן זינגען מיט;
מיר באַפרייען זיך מיט זיי
פון דעם לאַנגן „אָך און ווײ״.

ערד און הימל עדות זאָגן
אויף די ליידן, וואָס מיר טראָגן;
אויפן בלוט, וואָס טוט זיך גיסן,
אויף לעבנס וואָס ווערן צעריסן.

אויף דער שאַנד, וואָס רעגירער
זיך אַליין פאַרשאַפן,
פאַרשטעלנדיק פאַרן אידיש פאָלק
דעם וועג צו אונזער האַפן . . .

זינגען מיר דאָס יובל־ליד
צום אַלטן און דעם נייעם איד,
וואָס מיט זיין בלוט וואַשט אָפּ די שאַנד
פון זיך און וועלט ביינאַנד . . .

# מיין שכנה

פרעגט מיך אַ שכנה,
וואָס מיינט אויף אַן אמת,
אַז זי איז נאָר איינע —
אַ גאַנצע חכמת:

„דערקלערט מיר, איך בעט אייך,
מיין טייערע פּעסע,
פון ווען אָן געוואָרן
זענט איר „פּאָעטעסע״?

„און טאַקע, וואו האָט איר
געלערנט די גראַמען?
פון טאַטן נאָך אייערן,
צי גאָר פון דער מאַמען?

„צי אפשר פון אייערע
סאָסייעטיס און חברה׳ס,
וואָס זוכן בלויז מצוות,
און האַסן עבירות?״

מען וואָלט, אָט דער שכנה,
געדאַרפט פאַרשטיין געבן,

אַז ניט נאָר אין טעפּל
ליגט דאָס גאַנצע לעבן.

אַז חוץ מיט דעם לעבן
זיך גלאַט אַרומשפּילן,
איז דאָ עפּעס העכערס —
אַ מענטשנ׳ס געפילן!...

# מיין חלום

אַ שרעקלעכער חלום
האָט פלוצים ביינאַכט
אין ווייטיק און אַנגסטן
פון שלאָף מיך דערוואַכט:

אַ חיה, אַ ווילדע
האָט אַ אידן צעביסן;
פון מאָגערן לייב זיינעם
אַלע שטיקער געריסן.

זיין טלית און תפילין
מיט בלוט איז פאַרגאָסן;
נאָך הילף וויל ער שרייען —
נאָר ס׳מויל איז פאַרשלאָסן.

און נאַצישע יונגען
זיך שטיקן אין לאַכן;
עס צאַנקט אויס אַ לעבן —
און זיי — חוזק מאַכן.

איך וויין . . . און מיט קללות
איך וויל זיי באַפאַלן —

נאָר באַלד פון מיין בעטל
אַרויס כ׳בין געפאלן . . .

— — — — — — — — — — — — — —

געזען כ׳האָב אין שלאָף, וואָס
געשען אויפן וואָר . . .
מאַך, גאָט, שוין אַ סוף
פון זיי היינטיקס יאָר ! . . .

# די שטריקערין

זי פלעגט פֿאַרן „רעד קראָס"
פיל „סוועטערס" שטריקן;
און ס׳פלעגט מיט הנאה
איר האַרץ זיך קוויקן.

איצט זיצט זי געבויגן
און פילט זיך באַגליקט;
פֿאַר אַ העלד פון ישראל
אַ מתנה זי שטריקט!

אירע איידעלע פינגער
זי דרייט מיט פאַרגעניגן,
כדי ישראל׳ס קריגער
זאָל גיכער דאָס קריגן!

זי פרייט זיך, וואָס זי האָט
דערלעבט די נחמה:
ישראל׳ס באַפרייאונג
לייכט אויף איר נשמה!

מיט ברכות צו די קעמפער
פֿאַר פאָלקאָמענעם זיג,
זי שטריקט — און די אויגן —
זיי שיינען פאַר גליק!...

# שאָדן און געווינס

האָסט מיך, גאָטעניו, באַשאַפֿן
אין אַ גורל׳דיקן דור,
פֿון גאַז־אויוונס, היטלער־שקלאַפֿן ;
און פֿון טרוים — געוואָרן וואָר !

ווען מ׳האָט אונזערע מיליאָנען
פֿאַרלענדט אין פֿייער און אין בלוט ;
פֿיל אַנדערע — אין לאַגער־זאָנען
געלאָזט פֿאַר׳יתומ׳טע, אָן מוט —

נאָך צוויי טויזנט יאָר פֿון שטרעבן,
אונטער פּייניקונג און שאַנד —
האָסטו באַשערט אונז צו דערלעבן
דעם אויפֿקום פֿון אַ אידיש לאַנד

ווערט דאָס האַרץ מיינס אָנגעלאָדן
מיט גרויס פֿרייד, און ווייטיק שווער.
טראַכט איך פֿון געווינס און שאָדן —
מישט זיך ביי מיר טרער מיט טרער . . .

# די קאַקטעקע

קנאַפּעלעך הויכע,
דינינקע זעקעלעך;
פּלייצעס — אַנטבלויזטע,
רויטינקע בעקעלעך.

קרייזעלעך, די לאָקן,
טאַליע אָנגעצויגן;
ברעמען געגאָלטע,
בלוי אַרום די אויגן.

איר גענגעל געדרייט,
אָן טראַכטן, אָן שטרעבן;
און ניט זי פאַרשטייט
דעם זינען פון לעבן.

פאַרברענגט גאַנצע נעכט
ביז אין פרימאָרגן;
זי ווייסט ניט פון שלעכט —
דאַרף זי ניט זאָרגן.

זי פירט זיך קאָקעט,
געהויבן די ברוסט;

אַ לעבן — טאַנדעט,
העכסט נאַריש און פּוסט . . .

ווי אַ פליג אַרום פייער
זי פליט נאָר אַרום ;
באַצאָלט נאָכדעם טייער
און דאַן — איר אומקום . . .

# אַ שפּאַציר אויפן לאַנד

סטעזשקעס צווישן לאַנקעס,
און ברייטע פעלדער קאָרן,
מיט כוואַליעס פון די ווינטן
געצייכנטע אוזאָרן . . .

פּאַרמערס טוען תפילה
פאַר אַ גוטן שניט,
עס זאָלן מענטשן־קינדער
פון הונגער זיין געהיט.

אַ גאָרטן פול מיט בייטן
דערזעט מען מיטאַמאָל :
רעטעך, קרויט, טאָמייטן,
קוואַל־וואַסער — קרישטאָל !

ביימער : עפּל, באַרן,
קאַרשן און פלוימען ;
ניט נאָר פאַר די האַרן —
אויך פאַר אָרעמע פאַרשוינען . . .

ביי דעם בורא עולם
זיינען אַלע גלייכע מענטשן ;
זיי זיינען זיינע קינדער —
און ער טוט זיי בענטשן . . .

# אַ ליבע־בריוול

איך שרײַב דאָס בריוול
צו דעם „קרומען״
און כ׳שיק אים צו
אַ קראַנץ מיט בלומען

פֿאַר זײַן „שפּיגל״
וואָס איז אָפּט שײַן,
מיט לידער, וויצן,
ווי קרישטאָל רײן . . .

כאָטש ס׳טרעפֿט אַמאָל:
אַ ליד איז שוואַך;
אַ וויץ, וואו מ׳זוכט
אומזיסט אַ לאַך —

פֿאַרענטפֿער איך
דעם ליבן „קרומען:
„ניט יעדע בלום
פֿאַרמאָגט פּערפֿיומען״.

אין ליִיענער־כאָר
וואָס ווינטשן אײַך
לאַנגע, גוטע יאָר!

# מיין באָרדער

שלום דיר, דו בלויער פויגל,
קומסט צום פענסטער יעדן מאָרגן.
(ווייסט, איך האָב דיך ליב) —
איך טו מיט ברעקלעך דיר פאַרזאָרגן.

דאַנקסטו מיך אין פויגל־שפּראַך
פאַר דעם שפּייז וואָס איך גיב
דיר, שענקסטו ברכות מיר אַ סך.

נאָכן מאָלצייט פליסטו, חבר,
זאַט און פול מיט גליק,
ווייט אין ווינטערדיקן אוויר,
ביז דו קומסט צוריק . . .

# ווי קען מען?

די פינסטערע נעכט
פון צווייפל און שרעק,
מיין שלאָף און מיין רו
זיי נעמען אַוועק.

בייזע ווינטן אַ נייע
מלחמה צעבלאָזן
מיט נייע קרבנות —
ווי קען מען דערלאָזן?

אַ וועלט גאָר צעשטערן
די קינדער פאַרניכטן!
די מאַמעס אין טרערן —
וואו זיינען די פליכטן?

ווי קען דאָס געוויסן
פון ציוויליזירטע
פאַרטראָגן אַ מענטשהייט
מיט בלוט אַ פאַרשמירטע?

ווי קען מען אַזוי זיך
מיט מאַסן־מאָרד שפּילן,
און ניט זיך צוהערן
צו האַרץ און געפילן?...

# נאַטור און מענטש

עס גייען די יאָרן,
די וואָכן, די טעג,
און וואָס אַמאָל נענטער
זיי פירן צום ברעג.

נאָך זומער קומט אָסיען
און ס׳טריקנט די בלום —
אַן אָנזאָג באַצייטנס,
אַז באַלד קומט זי אום.

אויף מענטש, אין זיין האַרבסט,
אויך טריקנט די הויט,
זיין אויג ווערט פאַרטונקלט —
אַן אָנזאָג אויף טויט.

ווי אין גאָרטן די בלום —
אויך מענטש אין זיין הויז;
כל־זמן נאָך זיי בליען —
זיי האַלטן זיך גרויס.

די בלום דורכן זומער
גיט נאַרונג דער בין;
דאָס איז פון איר לעבן
דער אמת׳ער זין.

די בין מיט איר האָניג
דעם מענטשן דערקוויקט.
אַזוי איינס דעם צווייטן
מיט גוטסקייט באַגליקט.

דער מענטש אָבער אָפּט,
איז מיט זיך נאָר פֿאַרטאָן;
די נויט פֿון אַ צווייטן
אים גייט גאָרניט אָן . . .

איז גיט די נאַטור
דעם מענטש צו פֿאַרשטיין,
אַז ניט שיין איז צו לעבן
פֿאַר זיך בלויז אַליין . . .

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אַ מאַמע רעדט

טרעפט זיך אַ מאַמע
אין פּאַרק מיט אַ פרוי,
און זי, מיט אַ ווייטיק,
צערעדט זיך אַזוי:

„כ׳האָב קינדער געבוירן,
און אַלץ זיי געגעבן;
איצט מאַכן זיי קירצער
די צייט פון מיין לעבן . . .

„מיין אייגן פאַרגעניגן
האָב איך מיר פאַרווערט,
און זיי, פון געפאַרן
געהיט, און גענערט.

„ווען גרויס און שטאַרק שוין
זיי זיינען אַצינדער,
גאָר זיינען מיר שונאים
די אייגענע קינדער . . .

„די מאַמע איז נאַריש —
און זיי זיינען קלוג;

און וויפיל איך גיב זיי —
איז אַלץ ניט גענוג . . .

„און ס׳גייט אין מיין האַרצן
אַריבער אַ ציטער,
ווען כ׳טראַכט פון מיין גורל
וואָס איז אַזוי ביטער . . .״

— — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט אַ מאַמע
איר האַרץ אויסגעגאָסן,
און פון אירע אויגן
האָבן טרערן געפלאָסן . . .

# צייטונגען היינט

איך לייען אַ צייטונג
מיט בילדער אַלערליי:
אַ טייל ברענגען פרייד,
און אַנדערע — ווי . . .

אָט ווייזט מען אַ מיידל
פון ריכטער באַלוינט:
אַלס קעניגין פון שיינקייט
מען האָט זי געקרוינט . . .

און דאָ — אַ יתומה,
פון שטיין, ווי געבוירן;
איר גאַנצע משפחה
דורך היטלער פאַרלוירן . .

און אָט איז אַ בחור,
געוועזן דאָך אַ ריז —
אויף זיין ברוסט די מעדאַלן
פאַרדינט ר׳האָט געוויס!

איך זע דאָס אין צייטונג
און ס׳האַרץ ווערט פאַרציטערט —
אַ וועלט פול מיט לעבנס,
פאַרטרויערט, פאַרביטערט . . .

# מיאַמי ביטש

בלויע הימלען, רויטע בלומען,
סאַמעט־ווינטלעך ווייען ;
מענטשן פיל פון צפון קומען,
פאַרלאָזנדיק די שנייען.

שטאָט פון אַ פאַנטאַסטיש לאַנד,
וואָס שטענדיק האַלט אין בליען :
ביימער שיינע, אַלערהאַנט ;
פייגל פרייע פליען.

זון מיט ליבע גאָלדיק שיינט
און וואַרעמט אַלע מענטשן,
וואָס זיך פילן, ווי אַ פריינט
וואָלט, ווי גאָט, זיי בענטשן.

און אין אָוונט די לבנה
ליבלעך שמייכלט יעדן צו ;
און מען דאַנקט פאַר דער מתנה
פון שטילער, זיסער רו.

און אַ שירה זינגט אפילו
דער ים מיט כוואַליעס שוים ;
ס'דאַכט זיך, ווי ער זאָגט אַ תפילה
שטיל, וואָס הערט זיך קוים . . .

# מאַי

דער פרילינג איז געקומען
די בוימער זיך צעבליט,
די קנאָספּן שוין געשפּאָלטן,
עס זעט זיך אָן דער צוויט.

די פייגעלעך זיי זינגען
צו גאָט אַ לויב־געזאַנג,
די וואַסערלעך צעשיקן
אַ סודות׳דיקן קלאַנג . . .

די זון פאַרשפּרייט די שטראַלן
צו יעדן, פראַנק־און־פריי,
און ברענגט די גוטע בשורה:
„עס איז שוין חודש מאַי!"

# מיינונגען וועגן צייט־פּראָבלעמען

## לואי ליפּסקי׳ס אַרטיקל וועגן ענגלאַנד

ליפּסקי׳ס אַרטיקל וועגן ענגלאַנד׳ס פאַרברעכן אין ארץ ישראל בפרט און ענגלישער רעגירונג בכלל, קלינגט ווי אַן עכאָ פון אַ ווייטן האָריזאָנט, ווי עס וואָלט ניט געווירקט אויף זיינע נערוון. עס קען זיך טרעפן אַזאַ טראַגעדיע, אָבער אין דער איצטיקער צייט האָט דאָס ניט געטאָרט פאָרקומען!

אַ אידישער פירער שרייבט אַזוי, אַז עס דערמאָנט אין אַ היימיש ווערטל: ווען אַ אידענע האָט געפונען אין איר הויז אַ גנב גנב׳ענען אירע וועש, זאָגט זי צו אים: „ווי אַזוי קענט איר, ר׳ גנב, נעמען פרעמדס?" אמת, מיר האָבן ניט צו וועמען צו שרייען. דאָך מוזן מיר שרייען, ווייל דער ווייטיק איז אַזוי שרעקלעך־גרויס און דער פאַרברעכן אומפאַרגלייכלעך!

מיר האָבן געזען, ווי אונזערע „שותפים" האָבן אונז געטאָן טובות זינט 1936. און ווי שטאַרק ס׳ווילט זיך, אַז ענגלאַנד זאָל געווינען די מלחמה מיט די נאַצים צוליב אַ בעסערער וועלט, כדי עס זאָל אַביסל פאַרלייכטערט ווערן אונזער אייגענע לאַגע, דאָך האָבן מיר ניט קיין רעכט צו פאַרשווייגן אַזאַ קרימינעלן פאַרברעכן! אַ רעגירונג זאָל זיין אַזוי שרעקלעך אומגערעכט! אונזער לעבן איז דאָך אַ פאַרצווייפלטער, טאָ לאָמיר ניט זיין נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער — ווען מיר האָבן אַ מעגלעכקייט אויסצושרייען אונזער וויי־געשריי. ניט אַלע מאָל האָט אונזער שטילקייט אונז גוטס געטאָן. מיר קענען ניט פּראָ־

טעסטירן צו די נאַציס און פאַשיסטן, אָבער צו אונזער „פּאַרט־נער" אין נויט — ווער קען אונז איצט מיטפילן? דעריבער לאָזט אַרויס דאָס וואַסער פון מויל און שרייט הויך, מיט רעכט, פאַר גערעכטיקייט.

אַזאַ לעבלעכער אַרטיקל ווי פריינט ליפּסקי'ס טוט נאָך מער וויי.

קוירנעל וועדזשוואָוד — דער גרויסער אידן־פריינט

ס'ווייַנט דאָס האַרץ צו פאַרלירן אַזאַ טייערן פריינט פון אידישן פאָלק.

עס דערמאָנט זיך אַ פאַקט מיט יאָרן צוריק, ווען ראַביי בריקנער מיטן קוירנעל זיינען געקומען צו אונז אין עקראָן, און ביי גאָר אַ קליינעם באַנקעט האָט מען געשאַפן 15 טויזנט דאָלאַר.

ווען מען האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים, האָט זיך מיר דערמאָנט ווי גאָרקי האָט אַמאָל געפרעגט: „אָט דאָס איז אַ מיליאָנער?". ביי מיר איז ער אויסגעקומען, לויט זיין האַנט־דרוק און זיין קליידונג, אַז ס'האָט זיך אים געפּאַסט אַ פּאָר שטיוול! אַזוי איינפאַך איז ער געווען!

אַ צווייטן מאָל אין ירושלים, ווען איך בין געווען אין 1936 — זייענדיק פאַרצווייפלט פון די איבערלעבונגען, שרייב איך אַ בריוו צו קוירנעל וועדזשוואָוד אין לאָנדאָן. ס'נעמט ניט קיין צייט און כ'קריג אַן ענטפער מיט אַ פאַרשפּרעכן פון אים: „כ'וועל טאָן אַלץ וואָס כ'וועל קענען!" און ער האָט מיר גע־

ראטן זיך צו זען מיט דזשאָדזש ראָזענבלאַט, פון ניו־יאָרק, וועלכער איז דעמאָלט געווען אין ירושלים.

בין איך אַוועק צו דזשאָדזש ראָזענבלאַט. ליידער איז ער געזעסן שבעה נאָך זיין פאָטער. ער האָט אָבער פאַרשפּראָכן זיך צו זען מיטן קוירנעל ווען ער וועט פאָרן צוריק קיין אַמע־ריקע און וועט זיך אָפּשטעלן אין לאָנדאָן.

איך האָב נאָך דעם בריוו פון אונזער גרויסן אידן־פריינט, און וועל אים האַלטן הייליק.

כבוד זיין אָנדענק!

---

### גרויסע עוולה קעגן זאב זשאַבאָטינסקי

„מיר, אידן, זיינען אַן איינגעשפּאַרט פאָלק"! ס'איז אָבער אַ פאַקט, אַז מאַנכעס מאָל טוען מיר זיך אַליין מיט דעם אַ סך שאָדן!

עס דערמאָנט זיך מיר מיט יאָרן צוריק, ביי אַ ציוניסטישער קאָנווענשאָן אין באָפאַלאָ„ בעת ליפסקי איז צום ערשטן מאָל דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע. געווען זיינען דאַן הייסע יולי־טעג, אָבער ס'האָט זיך ניט געוואָלט אַוועקגיין פון די זיצונגען. מען לאָזט וויסן דעם מיטינג, אַז זשאַבאָטינסקי וואַרט אין „ניאַגראַ פאָלס", ער וויל עפּעס זאָגן. געבעטן האָט די דערלויבעניש אַ מר. סמערטענקאָ, דאַכט זיך. ליפסקי'ס געזיכט איז נאָך לענגער

געוואָרן. מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיטן האַמער אין שטענדער — ניין!

אַ צווייטן מאָל האָט זשאַבאָטינסקי געדאַרפט קומען צו אונז אין שטאָט רעדן, אָבער אונזערע „לידערס” האָבן דאָס אָפּגעשריגן!

ערשט זייענדיק אין ארץ־ישראל, האָבן מיר געקענט לער־נען די פּערזענלעכקייט פון זשאַבאָטינסקי'ן, ווייל אין דער גרעסטער פּאַרצווייפלונג פון ישוב, האָט מען זיך געטרייסט: בן־גוריון איז אָפּגעפלויגן קיין לאָנדאָן זיך זען מיט זשאַבאָטינס־קי'ן. דאָס איז געווען אין יאָר 1936.

פאָרנדיק שפּעטער דורך פּוילן און הערנדיק צום ערשטן מאָל ביי אַ מאַס־מיטינג זשאַבאָטינסקי'ן אין וואַרשע, האָב איך געפילט די שרעקלעכע עוולה קעגן זשאַבאָטינסקי'ן בפרט און קעגן אונזער פאָלק בכלל!

---

## מיין באַגעגעניש מיט דר. הערצל

צו יענער צייט בין איך נאָך געווען אַ יונגע עס־עס'וואָקע (ד. ה. אַ ציוניסטין־סאָציאַליסטקע). איך בין גראָד געווען אויף דאַטשע אין אַ פלאַץ, וואָס האָט זיך גערופן „די דריטע קאָשאַר־קע”, וואו מיר האָבן געפלעגט אָפּהאַלטן אונזערע אומלעגאַלע מיטינגען.

איינמאָל, אין אַ זונטיק, ווען כ'בין געקומען פון מיין דאַטשע

אין שטאָט אַריין, האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט דער פאַקט, וואָס אַלע אידישע געשעפטן זיינען געשלאָסן פונקט ווי אין אַ שבת׳דיקן טאָג. כ׳בין דאַן אַוועק צו מיין חבר שלמה שנייער, קאָרעספּאָנדענט און פאַרוואַלטער פון „פריינד״ אין ווילנע, כדי זיך צו דערוויסן וואָס אַזוינס עס קומט דאָ פאָר.

דאָרט האָב איך זיך ערשט דערוואוסט, אַז דר. הערצל איז דאָ אין שטאָט, אָבער ס׳איז דאָ אַן „אוקאַז״, אַז ער טאָר זיך נישט באַווייזן עפנטלעך. לויטן פּאָליצייאישן אוקאַז דאַרף ער אויך ביז מאָרגן 2 פאַרטאָג פאַרלאָזן די שטאָט.

אַלע באַמיאונגען פון מיין פריינט שנייער אויסצוגעפינען דעם דר. הערצל האָבן זיך נישט איינגעגעבן. מיר זיינען אַרום־געפאָרן מיט אַן „איזוואָשטשיק״ פון איין גאָס צו דער צווייטער, פון איין חבר צום צווייטן, געזוכט און געפרעגט — אָבער אָן דערפאָלג.

איך האָב אָבער נישט רעזיגנירט און באַשלאָסן „פאַר יעדן פּרייז״ נישט דורכצולאָזן די דאָזיקע היסטאָרישע געלעגנהייט. איך האָב באַשלאָסן זיך אַוועקצושטעלן אויפן וועג, וואו ער מוז דורכפאָרן צום וואָקזאַל און דאָרט זען דעם גרויסן מנהיג.

צומאָרגנס, איינס פאַרטאָג, האָב איך מיך אַוועקגעשטעלט אויף סאַדאָווע גאַס און געוואַרט מיט האַרץ־קלאַפּעניש. אַ גאָר־דאָוואָי האָט מיך דערזען און האָט מיך מכבד געווען מיט אַ ברייטן „פּאַשאָל וואָן״. איך האָב מיך נישט דערשראָקן און בין געלאָפן אַביסל ווייטער (לויפן האָבן מיר געקענט בעסער פונם גאָראָדאָוואָי).

און אָט אַזוי ווי איך שטיי שוין אויף מיין פּאָזיציע, נעמען

אַנפאָרן קאַרעטן, דריי גרויסע קאַרעטן. די ערשטע און די דריט־
טע — פאַרמאַכטע, די מיטלסטע אַן אָפענע און . . . איך דערזע
אינעווייניק דר. הערצל. איך בין געוואָרן צעטומלט און מיט
אַ „הידד״־אויסגעשריי בין איך אַריינגעלאָפן אין דער קאַרעטע
וואו דר. הערצל איז געזעסן. כ׳געדענק ווי דר. הערצל האָט
אַראָפגענומען דעם צילינדער און געפּאָכעט מיט אים. ווייזט
אויס, אַז דאָס האָט ער באַגריסט נישט בלויז מיך, נאָר אויך
אַנדערע, וועלכע זיינען געפאַלן אויפן זעלבן פּלאַן ווי איך, אים
אָפּצואוואַרטן.

איך געדענק נישט ווי לאַנג איך האָב מיך געקלאַמערט אָן
דער טיר פון דער קאַרעטע. איך ווייס בלויז, אַז אַ גאָראָדאָוואָי
האָט אַ געשריי געטאָן און איך בין אַראָפּ פון דער קאַרעטע און
גענומען לויפן צווישן די פערד און וואָגנס אין מיטן דער גאַס.
דער זעלבער שרייענדיקער גאָראָדאָוואָי האָט מיך גענומען יאָגן.
אַ פּנים, אַז דר. הערצל האָט אָבסערווירט די סצענע און שפּעטער
האָט ער עס אפילו באַשריבן אין דער „נייע פריי פרעסע״, אַז
„אַ מיידעלע אין ווילנע האָט אים געוואָלט זען, אַ פּאָליציאַנט
האָט איר נאָכגעיאָגט און דער׳הרג׳עט״...

גע׳הרג׳עט בין איך דעמאָלט, ווי איר זעט, נישט געוואָרן;
איך בין געלאָפן און אַרויס בשלום פון דער געפאַר. אָבער לויט־
פנדיק האָב איך געדענקט צו טאָן אַ נדר, אַז כ׳וועל אַמאָל חתונה
האָבן און כ׳וועל געבוירן אַ זון, וועל איך מיין זונעלע אַ נאָמען
געבן „הערצל״.

יאָ, מיין נדר האָב איך געהאַלטן. איך האָב — אויף לאַנגע
יאָר — אַ הערצל!

## געמישטע חתונות אין אַמעריקע

דער פּראָבלעם פון געמישטע חתונות ביי אידן דאָ אין לאַנד איז זייער אַן אַנגעווייטיקטער. מיר הערן זייער אָפט וועגן פאַלן, ווי עלטערן באַקלאָגן זיך און זוכן מיטלען אַזעלכעס צו פאַרמיידן. אַזאַ זאַך האָט שיעור נישט געטראָפן מיט מיינס אַ קינד, און דורך אַ קלוגן איינפאַל איז מיר געלונגען צו ראַטעווען מיין טאָכטער פון אַ צרה. און אָט וואָס עס האָט פּאַסירט:

ווי מיר אַלע ווייסן, האָבן זיך אונזערע אימיגראַנטישע אידן מער-ווייניקער „אַרויפגעאַרבעט", ווי מען רופט עס דאָ. איך אַליין, אָפּהאַלטנדיק אייניקע צענדליק יאָרן, האָב איך צו אַמעריקע קיין טענות נישט.

מיינע פיר קינדער זיינען אַלע קאָלעדזש-גראַדואירט מיט מוזיק, אידיש, תלמוד-תורה — וויפיל עס האָט זיך נאָר געקענט לאָזן אין אַ קליינער שטאָט פון דער מיטל וועסט. האָט איין מאָל מיינע אַ טאָכטער געבראַכט אַ בחור, אַן אָרקעסטער-מיוזי-שאַן, מיט וועמען זי האָט געזונגען אויף דער ראַדיאָ. אַ שיינער און פריילעכער שגץ.

מיט זיין קריסטלעכער מוטער האָב איך זייער גוט געקענט. אַן איידעלע דאַמע, אַן אַריסטאָקראַטקע, מיט וועלכער איך פלעג פון צייט צו צייט רעדן און פריינטלעך זיך באַצייגן. איינ-מאָל האָט זי פאַר מיר עפּעס געגנומען לויבן צופיל מיין טאָכטער (די פרוי האָט געאַרבעט אין אַן אָפיס און געווען ניט רייך). אַלס פרוי און מענטש האָב איך זי רעספּעקטירט, און איר איינ-ציקן זון — אַ גאַנץ פיינער בחור'עץ, אָבער — ניט פאַר מיין איידעם!

**פעסל ל. שער־קאַסאָוו**

האָב איך איינמאָל אין אַ זונטיק געמאַכט אַ גאַנץ שיינעם „דינער" און איינגעלאַדן מוטער און זון. מען האָט גוט פאַר־בראַכט. די יונגע פּאָר איז נאָכן עסן אַוועק צו אַ „שאָו", און איך האָב מיט דער פרוי פאַרבראַכט און איר געגומען אויפ־קלערן, אַז איך גלויב ניט אין „מיקסד מערידזשעס", און ווען מיינס אַ קינד זאָל חתונה האָבן מיט עמיצן, וואָס איז ניט פון מיין גלויבן, קריגט זי פון מיר ירושה איין־איינציקן דאָלאַר, און ניט מער!

איך דאַנק גאָט, וואָס מיר איז איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק, ווייל שוין גלייך אויף מאָרגן, מאָנטיק, איז די פרוי און איר זונדל ווי אין ים אַריין.

דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט מיט צוועלף יאָר צוריק. זיי זיינען אַנטלאָפן פון שטאָט. זיי זיינען שולדיק געווען געלט און האָבן באַנקראָטירט. עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן...

מיין טאָכטער האָט געליטן אַביסל; זי האָט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס אַזוינס ס'האָט פּאַסירט. נאַטירלעך בין איך ניט מחויב געווען איר צו דערציילן. מיט דער צייט האָט זיך אַלץ אויסגעהיילט, און גאָט צו דאַנקען, זי איז פאַרהייראַט צו אַ פיינעם יונגנמאַן.

איך זאָג עס אַנדערע עלטערן, אַז אַנשטאָט צו פאַרלירן זיך אין אַזעלכע פאַלן, איז אפשר אַמאָל אַ פּלאַן צו פאַרזיכערן דעם צווייטן צד, אַז אין פאַל עס וועט קומען צו אַ שידוך, וועט עס זיין אָן אַ סענט געלט! אַמאָל איז דאָס די בעסטע מעדיצין, ווייל קריסטן זיינען אויך גוטע ביזנעסלייט.